מאַרקסיסטישע שטודיר קורסן

# געשיכטע פון דער אַרבעטער באַוועגונג

צווייטע לעקציע

# די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין ענגלאַנד און דער טשאַרטיזם



פאַרלאַג:
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 פינפטע עוועניו
ניו יאָרק, 1932.

צווייטע לעקציע

# די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין איינגלאַנד און דער טשאַרטיזם

## פּלאַן פון ארבעט

I. די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין ענגלאנד און אירע פאָלגן.

די באַדינגונגען ערב דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע — איר כאַראַקטער — אירע קאָנסעקוועגצן — פארוואָס איז די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע פאָרגעקומען צוערשט אין ענגלאַנד? — פאַרוואָס איז זי ניט באַגלייט געוואָרן פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע?

II. די טשאַרטיסטן־באַוועגונג, איר כאַראַקטער און די סאַמע וויכטיקע שטופן פון איר אַנטוויקלונג.

1. די ארבעטער־באַוועגונג אין איינגלאַנד פאַר דעם טשאַרטיזם: דער קאַמף קעגן מאַשינען — די לודיסטישע באַוועגונג — די רעפאָרם פון 1832 — ווי אַזוי די בורזשואַזיע האָט אויסגענוצט די ארבעטער־באַוועגונג פאר אירע אייגענע אינטערעסן — ראָבערט אָוען.

2. די טשאַרטיסטן־באַוועגונג: די פּאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג און די פּארטיי פון פיזישן צוואַנג — די טשאַרטיסטישע קאָנווענשאָן — דער צווייטער פּעריאָד פון דער טשארטיסטן־באַוועגונג — די סאָציאַלע פּראָגראַם פון די טשאַרטיסטן — דער דריטער פּעריאָד פון דער טשאַרטיסטן־באַוועגונג.

III. די אורזאַכן פון דעם דורכפאַל פון טשאַרטיזם — זיין היסטאָרישע באַדייטונג.

IV עקזאמען־פראַגן.

# אַריינפיר־באַמערקונגען צו דער צווייטער לעקציע

דער אויפקום פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם, פון גרויס־אינדוסטריע און מאַשין־טעכניק, און די אויסבילדונג פון די צוויי הויפּט־קלאַסן פון דער מאָדערנער בורזשואַזער געזעלשאַפט — די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט — קענען אַם־בעסטן געשטודירט ווערן דורך אַן אונטערזוכונג פון דער ענגלישער געשיכטע. דער איצטיקער קאַפּיטל באַצוועקט צו ווייזן, ווי אַזוי עס זיינען געשאַפן געוואָרן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון גרויס־אינדוסטריע, וואָס איז געווען דער פּראָצעס פון דער „אורשפּרינגלעכער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל“, וואָס פאַראַ קורס ער האָט אָנגענומען און וואָס פאַראַ עקאָנאָמישע און סאָציאַלע ווירקונגען עס האָבן באַאיינפלוסט די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע. ווייטער, וועלן מיר אויס־פאָרשן דעם כאַראַקטער פון טשאַרטיזם, אַלס די גרויסע פּאָליטישע מאַסן־באַוועגונג אין וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך צום ערשטן מאָל געשטעלט פאַר זיין ציל די פאַרכאַפּונג פון דער פּאָליטישער מאַכט אין זיינע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן.

ביים דורכאַרבעטן דעם צווייטן טייל, דאַרף דער לעזער נעמען אין אַכט, ווי אַזוי דער אַרבעטער־קלאַס האָט זיך באַפרייט פון דעם איינפלוס פון דער בורזשואַזיע און באַגריפן די נויטווענדיקייט פון זעלבסטשטענדיקער קלאַסן־אַקציע. ער דאַרף עקזאַמינירן די אידעאָלאָגיע פון ראָבערט אָועז און זיין איינפלוס אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער דאַרף זיך אויך ספּעציעל אָפּשטעלן אויף די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון יעדערן פון די דריי פּעריאָדן פון טשאַרטיזם, ווי אויך אויף דער וויכטיקייט, וואָס די טשאַרטיסטן האָבן צוגעטיילט זייער פּאָליטישע פּלאַטפאָרם, דעם טשאַרטער. דער סטודענט דאַרף אויך אונטערשיידן צווישן די טשאַרטיסטן, אין דעם פאַרשידנאַרטיקן צוזאַמענשטעל פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג, די הויפּט־מיינונגס־פאַרשידנקייטן איבער דער פּראָגראַם און טאַקטיק (די טענדענצן, וואָס זיי־נען פאַרטראָטן דורך לאָוועט, אָ'קאָנאָר, אָ'ברייען און האַרנעי).

אין דעם דריטן טייל פאַרדינט ספּעציעל אויפמערקזאַמקייט דער אינדוסטריעלער אויפשוואונג און עקאָנאָמישער וועלט־מאָנאָפּאָל פון ענגלאַנד; אָט די אומשטענדן האָבן עס פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע. אַ פאַרגלייך דאַרף געמאַכט ווערן צווישן דער פאַרשווינדונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פון דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג (אין דעם נאָך־טשאַרטיסטישן פּעריאָד) און דעם ראַדיקאַליזאַציע־פּראָצעס, וואָס קומט איצט פאָר אין יענער באַוועגונג (ווי דאָס האָט באַוויזן דער גענעראַל־סטרייק פון 1926), און עס דאַרפן אויך עקזאַמינירט ווערן די אורזאַכן פון די צוויי פּראָצעסן.

לסוף דאַרף דער לעזער שטודירן די מיינונגען פון מאַרקס און ענגעלס וועגן טשאַרטיזם און די לעקציעס פון דער באַוועגונג פון דעם היינטיקן אַרבעטער קלאַס.

# די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע
# אין איינגלאַנד און דער
# טשאַרטיזם

## I.

# די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע און אירע רעזולטאַטן

### באַדינגונגען און כאַראַקטער פון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע

די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג איז אויפגעקומען דורך אַ גרינטלעכער אומגעשטאַלטונג פון דער אַלטער סיסטעם פון פּראָדוקציע און די אַלטע סאָציאַלע באַציאונגען. אָט די ענדערונג איז פאָרגעקומען אין פארשיידענע צייטן אין פארשיידענע לענדער. אין איינגלאַנד איז די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם אנטשטאַנען פריער ווי אין אַנדערע לענדער און דאָרטן אָנגענומען אירע גרויזאַמסטע פאָרמען. ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט האָט זיך אין איינגלאַנד אָנגעהויבן אַנטוויקלען די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב — מאַשינען האָבן אָנגעהויבן פארנעמען דעם פּלאַץ פון האַנט־ארבעט, די אגריקולטורעלע ענגלאַנד האָט אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַר דער אינדוסטריעלער ענגלאַנד, ס'איז אויפגעקומען אַ קלאַס פון פּראָלעטאַריער, עס זיינען אויסגעוואַקסן גרויסע נייע שטעט, עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן נייע פּאַרקער־מיטלען.

וואָס פאַרא באַדינגונגען זיינען געווען נויטיק פאַר דעם טריאומף פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־שטייגער? 1) די אנוועזנהייט פון קאַפּיטאַל אוועקצולאָזן גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען; 2) די אנוועזנהייט פון „פרייער“ ארבעטס־קראַפט — „פריי“ אויך פון די פּראָדוקציע־מיטלען און פון ערד־אייגנטום. פארשטענדלעך, אז די ביידע פארבינדונגען זיינען ניט געשאַפן געוואָרן אין דער נויטיקער מאָס מיט איין קלאַפּ; זיי האָבן זיך אנטוויקלט גראַדנוויז אין משך פון אַ פּעריאָד, וואָס מאַרקס האָט אָנגערופן דער פּעריאָד פון דער פּרימיטיווער אָדער אורשפּרינגלעכער אָנזאַמלונג פון קאַפּיטאַל.

אָט דער פּעריאָד פון פּרימיטיווער אָנזאַמלונג איז ניט געווען, פונדעסטוועגן, קיין גלאַטע, פרידלעכע און ריין־עקאָנאָמישע אנטוויקלונג, ווי בורזשואַזע היסטאָריקער האָבן ליב אים צו באשרייבן. פּונקט פאַרקערט, דער אויפקום פון קאַפּיטאַליזם איז באַגלייט געוואָרן פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, „די סאַמע בלוט־דורשטיקסטע רעוואָלוציע, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט“. (מאַרקס.)

ביים באַהאַנדלען די פארכאַפּונג און פּלינדערונג פון קאָלאָניעס אין דעם פּעריאָד פון פּרימיטיווער קאַפּיטאַליסטישער אָנזאַמלונג, האָט מאַרקס געשריבן:

„די אַנטדעקונגען פון גאָלד און זילבער אין אמעריקע; די אויסראָטונג

פון די אָרט־געבירטיקע אין אַ צאָל פאַלן, זייער פאַרשקלאַפונג, אין אַנדערע — זייער באַגראָבונג אין די שאַכטעס; די אָנהויבן פון דער פאַרכאַפּונג און באַרויבונג פון די איסט־אינדיעס; די פאַרוואַנדלונג פון אפריקע אין אַ סטאַנציע פאַר די זאַפּאַסן פון נעגערס, וואָס זיינען געווען דער רויער מאַטעריאַל פון דעם שקלאַפן־האַנדל — אָט דאָס זיינען געווען די אינ־צידענטן, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דעם ראַזשוון באַגינען פון דער ערא פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע. דאָס זיינען געווען די אידעאַלע פּראָ־צעסן, וואָס האָבן געשאַפן די הויפּט־פאַקטאָרן פון אורשפּרינגלעכער (עלע־מענטאַרער) אָנזאַמלונג... אין ענגלאַנד, ביים סוף פון דעם זיבעצנטן יאָר־הונדערט, זיינען זיי סיסטעמאַטיש געוואָרן קאָנצענטרירט אין דער קאָלאָניאַ־לער סיסטעם, דער נאַציאָנאַלער חוב סיסטעם, די מאָדערנע סיסטעם פון שטייערן און די מאָדערנע סיסטעם פון פּראָדוקציע. ביז אַ געוויסן גראַד האָבן זיי זיך געשטיצט אויף ברוטאַלער קראַפט ווי, צום ביישפּיל, אין דער קאָלאָניאַלער סיסטעם. אַלע צוזאַמען האָבן זיי זיך געשטיצט אויף דער מאַכט פון דעם שטאַאַט, אויף דער קאָנצענטרירטער און אָרגאַניזירטער קראַפט פון דער געזעלשאַפט, כדי צו סטימולירן די אומוואַנדלונג פון פעאָדאַ־לער פּראָדוקציע און קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, און כדי צו פאַרקירצן דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד".*)

אפילו א בורזשואַזער פּראָפעסאָר, ווי ווערנער זאָמבאַרט, האָט געמוזט אָנווייזן, אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אויפגעקומען אין מערב־אייראָפּע, ווייל דריי פערטל פון דער וועלט איז צעראַבירט געוואָרן. דורך אומברחמנותדיקער עקספּראָפּריאַציע פון דעם פּויערטום און דער רואינירונג פון האַנטווערקעריי זיינען דער פּויער און דער זעלבסטשטענדיקער האַנטווערקער פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין פּראָלעטאַריער וואָס זוכן אַרבעט, וועמעס איינציק אייגנטום באַ־שטייט אין זייער אַרבעטס־קראַפט.

„די אַזוי־גערופענע אורשפּרינגלעכע אָנזאַמלונג איז דעריבער ניט אַנ־דערש ווי דער היסטאָרישער פּראָצעס, וואו דער פּראָדוצירער ווערט אָפּגעגנט פון די פּראָדוקציע־מיטלען. זי נעמט אָן אַן „אורשפּרינגלעכע" פאָרם, ווייל זי געהערט צו דער אורשפּרינגלעכער פאַזע, וועלכע ווערט דורכגעמאַכט פאַרן סאַמע אָנהויב פון דער געשיכטע פון קאַפּיטאַליזם, אוממיטלבאַר פאַר דער איינפירונג פון דעם פּראָדוקציע־מעטאָד, וואָס איז אייגנטימלעך דעם קאַ־פּיטאַליזם...

„דער אוממיטלבאַרער פּראָדוצירער, דער אַרבעטער, האָט ניט געקענט אויפגעבן זיין אייגענע פערזאָן ביז ער האָט ניט אויפגעהערט צו זיין צוגע־בונדן צום צאָדן; ער האָט אויפגעהערט צו זיין דער שקלאַף, פּאַראָבאָק אָדער

*) קארל מארקס „קאַפּיטאַל", ערשטער באַנד. אללען און אונוויין, 1928, ז. 3־832. י. מ. דענט („עווערימען" סעריעס), 1930, און אינטערנעשאָנעל פּאָבלי־שערס. די אָנווייזונגען אויפן בוך „קאַפּיטאַל" זיינען צו יענע אויסגאַבן, וואָס האָבן דעם זעלבן אויסשטעל פון די זייטלאַך אין די ענגלישע אויסגאַבן.

משכון פון אַן אנדער פערזאָן... אָבער, פון דער צווייטער זייט, קומען ניט אָט די נייע באַפרייטע פערזאָנען אין מארק זיך פארקויפן ביז מען האָט בא זיי אוועקגערויבט אַלע פּראָדוקציע־מיטלען און אַלע עקזיסטענץ־באַוואָרענישן, וואָס די אַלטע אינסטיטוציעס האָבן זיי צוגעשטעלט. די געשיכטע פון דער עקספּראָפּריאַציע (דאָס אוועקנעמען זייער אייגנטום) איז פאַרשריבן אין די כראָניקעס (געשיכטע־ביכער) פון דער מענטשהייט מיט בוכשטאַבן פון בלוט און פייער".*)

דאָס פאַרבייטן די פעאָדאַלע באַציאונגען אין דער געזעלשאַפט אויף קאַפּיטאַליסטישע, די פאַרשווינדונג פון דעם קליינעם ערנדע־פאַרמער פאַר דעם גרויסן פאַרמער, די עקספּראָפּריאַציע פון דעם פויערטום, האָט זיך אָנגעהויבן אין איינגלאַנד אַזוי פרי ווי ביים סוף פון דעם פופצנטן יאָרהונדערט; אָבער ביים שלוס פון דעם אכצנטן יאָרהונדערט איז עס געווען ספּעציעל ברייט פאַרשפּרייט. אין דעם פעריאָד פון 1710 ביז 1760 האָט מען אָפּגעשלאָסן 335,000 אַקער לאַנד בשעת פון 1760 ביז 1843 האָט מען אָפּגעשלאָסן זיבן מיליאָן אַקער. די איינגלישע לאַנד־באַזיצער, צום ביישפּיל, האָבן אין משך פון דער שנעלער אַנטוויקלונג פון דער וואָל־אינדוסטריע אין דעם זעכצנטן יאָרהונדערט געהאַלטן פאַר מער פּראָפּיטבאַר צו פאַרטרייבן די פויערים פון דעם באָדן און צו פאַרוואַנדלען גוטע אקערבוי־ערד אין פאַשעלאָנקעס פאַר שעפּסן. „מענטשן ווערן איינגעשלונגען פון שעפּסן", האָט געשריבן טהאָמאַס מאָר אין 1516. דער שטאַט האָט שטאַרק געשטיצט די לאַנד־באַזיצער ציים אָפּשליסן דעם פויערשן באָדן דורך געבן זיי געזעצלעכע סאַנקציע, דורך „פאַרלאַמענט־אַקטן", א. אז. וו. מיט דער הילף פון די געזעצן, האָט מאַרקס געשריבן, „האָבן די פּריצים גענומען פאַר זיך אַלס זייער פּריוואַט־אייגנטום דעם באָדן, וואָס האָט געהערט צו דער באַפעלקערונג". גרויסע מאַסן פון פויערים האָבן געדאַרפט מאַכן פּלאַץ פאַר שעפּסן און גיין אין די שטעט זוכן ארבעט. פון די 180,000 אייגנטימער פון קליינע פאַרם־באַלעבאַטישקייטן אין איינגלאַנד ביים סוף פון דעם 17טן יאָרהונדערט איז פּאַקטיש קיינער ניט געבליבן מיט הונדערט יאָר שפּעטער.

דער היסטאָריקער טאָינבי האָט געשריבן:

„אַ מענטש וואָס ווייס ניט אונדזער געשיכטע אין משך פון דעם צווישן־פעריאָד קען זיך משער זיין, אַז אַ גרויסע אויסראָטונגס־מלחמה איז פאָרגעקומען, אָדער אַ שטורמישע סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַראורזאַכט דעם איבערגאַנג פון איין קלאַס צו אַ צווייטן".*)

אָט די טיפע ענדערונגען אין דאָרף האָבן אַוועקגעריסן טויזנטער פויערים פון דעם באָדן און געשאַפן אַן ארמיי פון לוין־ארבעטער פאַר דער אינדוסטריע. די אַגראַר־רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַרניכטעט אַלע רעשטלעך פון די אַלטע דאָרף־אינסטיטוציעס (צוטיילט די באַלעבאַטישקייטן אין געמיינדע־באָדן).

---

*) מאַרקס „קאַפּיטאַל", ז. 792.

*) ארנאָלד טאוינבי, „לעקציעס וועגן דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע", לאָנדאָן, 1903, ז. 36.

האָט געהאָלפֿן צו אַנטוויקלען די אינטענסיווע באָדן־באַארבעטונג, די ענדערונג פֿון דער דריי־פֿעלדיקער סיסטעם אויף דער סיסטעם פֿון בייטן די תבואות, די איינפֿירונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע מאַשינען. זי איז אויך געווען פֿון גרויס וויכטיקייט פֿאַר דער אויסשפּרייטונג פֿון דעם היימישן מאַרק פֿאַר אינדוסטריע. אַזוי לאַנג ווי דער פּויער האָט זיך פֿעסט געהאַלטן אָן זיין שטיק לאַנד, האָט ער אַליין פּראָדוצירט דעם גרעסטן טייל פֿון די זאַכן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט און געקויפֿט זייער ווייניק אויפֿן מאַרק. אָט די לאַגע האָט זיך געענדערט מיט דער עקספּראָפּריאַציע פֿון דעם פּויערטום. ס'איז געוואַקסן די צאָל פֿאַרברויכער פֿון די פּראָדוקטן פֿון אינדוסטריע בעת די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן זיינען געוואָרן אַלץ אין אַ גרעסערער מאָס סחורות, וואָס ווערן פּראָדוצירט פֿאַרן מאַרק.

„די צעשמעטערונג פֿון דעם פּויערטום", האָט לענין געשריבן אין 1899, „באַשאַפֿט דעם היימישן מאַרק פֿאַרן קאַפּיטאַליזם. צווישן די אָרעמערע שיכטן צעוואַקסט זיך דער מאַרק פֿאַר געברויך־אַרטיקלען (זאַכן פֿאַר זייער אייגענעם באַנוץ). דער דאָרפֿישער פּראָלעטאַריאַט פֿאַרברויכט ווייניקער ווי דער מיטעלער פּויער, און פֿאַרברויכט פּראָדוקטן פֿון אַן אָרעמערער קוואַליטעט (ווי קאַרטאָפֿל אַנשטאַט ברויט), אָבער ער קויפֿט מער".

די פֿאַרשווינדונג פֿון דעם קלאַס פֿון מיטעלע פּויערים, זייער צוואַנגס־עקספּראָפּריאַציע, האָט געגעבן אַ מעכטיקן שטויס די אויסשפּרייטונג פֿון דעם היימישן מאַרק און גלייכצייטיק געשאַפֿן אַ מאַסן־נאָכפֿראַגע אויף סחורות; דערמיט איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן די אַרבעט־צעטיילונג און ס'איז פֿאַרשנעלערט געוואָרן דער זיג פֿון דער גרויס־אינדוסטריע און מאַשינעריע. איין רעזולטאַט פֿון אָט די אַלע פּראָצעסן איז געווען די גרויסע פֿאַרגרעסערונג אין דעם עקספּאָרט־האַנדל און אין דער וויכטיקייט פֿון אויסלענדישע מערק.

די טעכנישע רעוואָלוציע — אַ צאָל דערפֿינדונגען אין שפּינעריי און וועבעריי און ספּעציעל די דערפֿינדונג פֿון דער דאַמף־מאַשין — האָט פֿאַראויסבאַשטימט דעם איבערגאַנג צו מאַשין־פּראָדוקציע. בורזשואַזע היסטאָריקער באַטראַכטן דערפֿינדונגען אַלס די צופֿעליקע אַרבעט פֿון הויך־טאַלאַנטירטע פּערזענלעכקייטן. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק; מערסטנטייל נעמען זיך די דערפֿינדונגען פֿון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע נויטווענדיקייטן.

## רעזולטאַטן פֿון דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע

די מאַשינען האָבן פֿאַראורזאַכט אַ געוואַלטיקע ענדערונג אין דער גאַנצער סאָציאַלער אָרדנונג פֿון ענגלאַנד.

„פֿאַר דער איינפֿירונג פֿון מאַשינען — האָט ענגעלס געשריבן אין 1845 — איז די פֿאַרשפּינונג און פֿאַרוועבונג פֿון דעם רוי־שטאָף דורכגעפֿירט געוואָרן אין דער היים פֿון דעם אַרבעטער. פֿרוי און טאָכטער האָבן געשפּונען

דעם גאַרן, וואָס דער מאַן האָט פאַרוועבט... אָט די וועבער־פאַמיליעס האָבן געלעבט מערסטנס אין די דערפער, ניט ווייט פון די שטעט, און האָבן געקענט גאַנץ פיין אויסקומען מיט זייערע לוינען...

„אויף דעם אופן האָבן די אַרבעטער געפירט אַ צוריקגעצויגן, פרומען און פרידלעכן לעבן און זייער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ סך אַ בעסערע, ווי בײַ זייערע נאָכפאָלגער. זיי האָבן זיך ניט געדאַרפט איבעראַרבעטן, זיי האָבן ניט געאַרבעט מער וויפיל זיי האָט זיך געגלוסט, און דאָך פאַרדינט גענוג פאַר זייערע באַדערפעניש. זיי האָבן געהאַט פרייע צייט פאַר געזונטער אַרבעט אין גאָרטן אָדער פעלד, אַן אַרבעט, וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ דער־האָלונג, און האָבן נאָך אַ חוץ דעם געקענט אנטיילנעמען אין די פאַרווײַלונגען און שפּילן פון זייערע שכנים... זייערע קינדער זײַנען געוואַקסן אין דער פרישער דאָרף־לופט, און בלויז זעלטן אַרויסגעהאָלפן זייערע עלטערן אין דער אַרבעט". (ענגעלס: די לאַגע פון דעם אַרבעטער־קלאַס אין ענגלאַנד אין 1844, ז. 2־1).

מיטן דערשיינען פון דער מאַשין האָבן זיך די אומשטענדן ראַדיקאַל געענדערט. שוין די ערשטע דערפינדונג — די „שפּין־דזשעני" (דער פונדן פון האַרקרייווס אין 1764) — האָט פּראָדוצירט זעקס מאָל אַזויפיל ווי די אַלטע שפּינראָד. אויף דעם אופן האָט יעדע נײַע דערפינדונג און פאַרפולקאָמונג געמאַכט איבעריק אַ באַשטימטע צאָל אַרבעטער, און די צאָל האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. די איינפירונג פון מאַשינען האָט מיט זיך געבראַכט דעם כסדרדיקן פיינלעכן פאַלן פון האַנט־אַרבעט.

„די וועלטגעשיכטע — האָט מאַרקס געשריבן — ווייס ניט פון קיין מער האַרצרײַסנדיקן ספּעקטאַקל ווי דער שטופנווײַזער אונטערגאַנג פון די ענג־לישע האַנט־לום וועבערס, אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט צענדליקער יאָרן און איז פולשטענדיק פאַרענדיקט געוואָרן צום יאָר 1838". (מאַרקס, „קאַ־פּיטאַל", ז. 461).

אַלץ גרעסערע צאָלן פרויען און קינדער זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין פאַבריק־אַרבעט. די וואַקסנדיקע נאָכפראַגע אויף פאַבריק־פּראָדוקטן האָט דערמוטיקט די קאַפּיטאַליסטן צו אַלץ גרעסערער און גרעסערער עקספּלואַטאַ־ציע פון דעם אַרבעטער. אין דער זעלבער ריכטונג האָט אויך געווירקט דאָס שטרעבן אויסצונוצן די מאַשינען אין דער פולסטער מאָס און אין דער מעג־לעך קורצסטער צייט, ווײַל אין דעם פּעריאָד פון טעכנישער רעוואָלוציע זײַנען מאַשינען שנעל פאַרעלטערט געוואָרן און אַרויס פון געברויך. דער אַרבעטס־טאָג איז פאַרקלענערט געוואָרן ביז זעכצן און אַכצן שעה. ניט אומזיסט האָט מאַרקס געשריבן אין „קאַפּיטאַל", (ז. ז. 4־283) וועגן דעם:

„אַלע גרענעצן פון שטייגער־לעבן און נאַטור, פון עלטער און געשלעכט, טאָג און נאַכט, זײַנען אָפּגעשאַפט געוואָרן. אפילו די באַגריפן אַליין פון טאָג און נאַכט, וואָס זײַנען פאַרמולירט געוואָרן אַזוי איינפאַך אין די אַלטע געזעץ־ביכער, זײַנען געוואָרן אַזוי צעשוואומען, אַז אַזוי שפּעט ווי 1860 יואָלט אַן ענגלישער ריכטער געדאַרפט באַנוצן אמתן תלמודיסטישן שאַרפ־

זין ארויסצוגעבן א געזעצלעכע אנטשיידונג וועגן דעם וואס איז נאכט און וואס איז טאג. דער קאפיטאל האט געפייערט זיינע ארגיעס".

קינדער פון דעם צארטסטן עלטער זיינען שוין געווען באשעפטיקט אין די פאבריקן; די קאפיטאליסטן האבן זיך ניט אפגעהאלטן פון צולאזן ארבעטן פיר און פינף יאריקע קינדער.

אין א באריכט פון א פאבריק־קאמיסיע ווערט דערקלערט, אז קינדער פלעגן פון די אויפזעער ארויסגעצויגן ווערן פון די בעטן, אז זיי פלעגן געטריבן ווערן מיט בייטשן אין דער פאבריק, נאקעט, טראגנדיק זייערע קליידער אין די הענט, און וויפיל מען האט פון זיי דורך קלעפ געפרואווט דעם שלאף פארטרייבן, פלעגן זיי פונדעסטוועגן איינשלאפן בא דער מאשין, פולשטענדיק אויסגעשעפט. דער זעלבער באריכט גיט איבער, אז איין קינד, נאכן איינשלאפן ביי דער מאשין איז אויפגעשפרונגען אויפן געשריי פון אויפזעער, און נאך מיט פארמאכטע אויגן געפרואווט מאכן די באוועגונגען פון זיין ארבעט, כאטש די מאשין אליין איז ניט געגאנגען; ווי די קינדער, צו מיד צו גיין אהיים נאך דער ארבעט, פלעגן פארקריכן הינטער פעק פון באוול און דארטן איינשלאפן, און מען פלעגט זיי מיט קלעפ ארויסיאגן פון די טעקסטיל־פאבריקן; ווי הונדערטער קינדער פלעגן קומען אהיים אזוי אויסגעמוטשעט, אז זיי פלעגן פשוט ניט האבן מער קיין כוח צו עסן און אוועקפאלן שלאפן.

מיט דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריעלער רעוואלוציע האט זיך כסדר אומגעהויער פארגרעסערט די מאטעריעלע אומזיכערקייט פון די ארבעטער. דער היים־ארבעטער האט שטענדיק געלעבט אין שרעק פאר דער נעפאר, אז ער וועט איינגעשלונגען ווערן פון דער פאבריק. דער פאבריק־ארבעטער האט אויך גידארפט זיין צוגעגרייט יעדן מאמענט פאר א קריזיס אדער פארפולקאמונג פון די מאשינען, ווען ער וועט דארפן פליען פון דער פאבריק.

האנט אין האנט מיט דער אינדוסטריעלער רעוואלוציע איז אויך געגאנגען ־ער וואוקס פון די גרויסע שטעט און אינדוסטריעלע צענטערס, וואו די ארבעטער האבן געלעבט אין דעם גרעסטן עלנט און איינגשאפט, אין קליינע קברים־שטיבלעך און חורבות. שכרות, פראסטיטוציע און פארברעכן האבן זיך שטארק פאנאנדערגעבליט אויף אט דעם פרוכטבארן באדן פון שרעקלעכער דחקות און נויט. אין 1805 האט מען אין איינגלאנד ארעסטירט פאר קרימינעלע פארברעכנס 4,605 פערזאנען; אבער מיט 20 יאר שפעטער, ווען דער קאפיטאליזם האט זיך שוין געהאט באפעסטיקט, איז שוין די צאל געשטיגן ביז 14,737. דער איינגלישער קאפיטאליזם האט דערגרייכט זיינע ערשטע זיגן אויפן חשבון פון דער גרעסטער פאראָרעמונג און פארהונגערונג פון דעם ארבעטער קלאס, אויף דעם גרונט פון א רואינירט פויערטום אין איינגלאנד און אין די קאלאניעס.

דער וועג פון דער אינדוסטריאליזירונג און דעם אויפבוי פון דער נייער סאציאליסטישער געזעלשאפט־ארדנונג אין סאוועטן־פארבאנד אונטערשיידט

זיך פונדאמענטאל פון דעם וועג אויף וועלכן עס איז געגאנגען די קאפּיטאַ־ליסטישע אָרדנונג.

„ווייל אין דער הינזיכט באַזיצט די פּראָלעטאַרישע מלוכה אַזעלכע פּאָרצוגן, וואָס די בורזשואַזע מלוכות האָבן ניט און קענען ניט האָבן. די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריע, דער נאַציאָנאַליזירטער פּאַרקער־ און קרעדיט־וועזן, דער מאָנאָפּאָל פון אויסלענדישן האַנדל און דער אינערלעכער האַנדל, וואָס ווערט רעגולירט פון דער מלוכה — דאָס אַלץ זיינען קוואַלן פון צוגאָב־קאַפּיטאַלן, וועלכע קענען גענוצט ווערן צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע פון אונדזער לאַנד, וואָס קיין איינציק בירגערלעך לאַנד האָט קיינמאָל ניט געקענט קריגן... דערפאַר איז דער אַנטוויקלונגס־וועג, וואָס איז ניט מעגלעך פאַר די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, יע אָפן און מעגלעך, ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, פאַר דער פּראָלעטאַרישער מלוכה". (סטאַלין: פּראָבלעמען פון לעניניזם.)

וואָס זיינען די פאָלגן פון דער אינדוסטריאַליזירונג פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר די אַרבעטער און פּויערים? מיט דער הילף פון דער סאָ־ציאַליסטישער אינדוסטריע ווערן די קליינע פּויערשע ווירטשאַפטן פאַר־וואַנדלט אין ריזיקע סאָציאַליזירטע לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנע־מונגען — קאָלכאָזן און סאָווכאָזן — וואָס האָבן צום סוף 1931 שוין באַ־טראָפן 62 פּראָצענט פון די פאַרמס און 79 פּראָצענט פון דעם גאַנצן קול־טיווירטן באָדן. בשעת די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט געמיינט די גרעסטע פאַראָרעמונג און די גרעסטע ליידן פאַר די פּויערים, האָט דער סאָ־ציאַליסטישער אויפבוי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַרזיכערט די פּויערים אַ שטופּ פון מאַטעריעלן און קולטורעלן וואוילזיין, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין זיין געשיכטע.

די וועלט־בורזשואַזיע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ריידן וועגן שקלאַפן־אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער אין דער אמתן איז דער ריזיקער וואוקס פון דער סאָוועטישער ווירטשאַפט געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אַ סיסטע־מאַטישער פאַרבעסערונג אין די לעבנס־באַדינגונגען פון די אַרבעטער. אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט די אַרבעטלאָזיקייט דערגרייכט אומגעהער־טע ריזיקע צאָלן; אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז זי פולשטענדיק אָפּגעשאַפט געוואָרן. געוויסע שוועריקייטן, וואָס זיינען פאַראורזאַכט געוואָרן דורך דער נויטיקייט פון מאַכן ריזיקע קאַפּיטאַל־אינוועסטמענטס כדי צו פאַרשנעלערן דעם גאַנג פון דער אינדוסטריאַליזאַציע און דורך דער פאַרוואַנדלונג פון די צעשפּליטערטע צוריקגעשטאַנענע פּויערים־ווירטשאַפטן אין ריזיקע קאָלעק־טיווע ווירטשאַפטן, וועלן באַזייטיקט ווערן נאָך דער דערפאָלגרייכער פאַר־ענדיגונג פון דעם פינף יאָר פּלאַן.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו איינגלאַנד! דער אָנהויב פון דעם 19טן יאָרהונדערט האָט אויך געבראַכט אַ טעכנישע רעוואָלוציע אויף דעם געביט פון פאַרקער (פולטאָנס דאַמף־שיף אין 1815 און סטעפענסאָנס לאָקאָמאָטיוו אין 1829).

מיר גיבן דאָ אונטן אַ באַשרייבונג פון דער פּען פון אַ מענטשן, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, ווען דעם דורכפאָר פון דער ערשטער דאַמף־שיף איבער דעם ענגלישן קאַנאַל.

„די איינוואוינער פון די אַרומיקע שטעט האָבן זיך פאַרזאַמלט אין גרויסע מאַסן אויפן ברעג, פאַרגאַפט פון דעם גרוויש פון די רעדער און דער־שראָקן ביים אָנבליק פון די פונקען און פייער־צונגען, וועלכע האָבן זיך געריסן פון דעם קוימען. אָט דער אומגעוויינלעכער פאַקל האָט געשניטן די כוואַליעס, ווערנדיק פאַרפאָלגט פון אַלעמעס בליקן, און פאָר־שפּרייט שרעק אויף זיין וועג. אַלאַרם־געשרייען: פייער! פייער! שטור־רעם־גלאָקן און הונטגעבילן האָבן נאָכגעפאָלגט אָט די פאַנטאַסטישע דער־שיינונג ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן".

ניט ווייניקער קוריאָז זיינען געווען די פאָראורטיילן קעגן דער ערשטער אייזנבאַן. דער באַרימטער געלערטער אַראַגאָ דערקלערט אין 1835, אַז צוליב דער נידעריקער טעמפּעראַטור פון טונעלן, דעם פלוצימדיקן איבערגאַנג פון קעלט צו היץ, קענען די מענטשן, וואָס שוויצן, לייכט קריגן לונגען־אַנטצינ־דונגען, קאַטאַרן, א. אז. וו. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז ווען צוויי צוגן, וואָס פאָרן אין געגנזייעצלעכע ריכטונגען זאָלן פאַרבייגיין איינע די אַנדערע, וועט די לופט צווישן די צוויי ווערן אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, אַז אַלע רייזנדע קע־נען דערשטיקט ווערן. די פויערים האָבן צוגעשריבן די לאַנגע פעריאָדן פון רעגנס, קאַרטאָפל־קראַנקהייטן און יעדער אַנדער אומגליק און שלאַק צום רויך פון די לאָקאָמאָטיוון.

די מאַשין האָט אָבער געזיגט ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און פאָראורטיילן. צום מיטן פון 19טן יאָרהונדערט איז שוין די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין איינגלאַנד געווען פולשטענדיק פאַרענדיקט. אַ דאַנק דער מאַשין איז אומגעהויער געוואָקסן די אַרבעטס־פּראָדוקטיוויטעט. ענגלאַנד האָט זיך פאַרוואַנדלט אַלץ מער אין דעם „וואַרשטאַט פון דער וועלט". דאָס נאַציאָנאַלע רייכטום — דאָס הייסט די פּראָפיטן פון די קאַפּיטאַליסטן — איז געוואַלטיק געשטיגן. גלייכצייטיק האָבן זיך אָבער אויך אַנטוויקלט אַלע ווידערשפּרוכן, וואָס ווערן געבוירן דורך דעם אַנאַרכישן כאַראַקטער פון קאַ־פּיטאַליזם. מיטן זיג פון קאַפּיטאַליזם זיינען אַנטשטאַנען רעגלמעסיקע טיפע און דויערנדיקע קריזיסן (1825, 1836, 1847). אַלע פריערדיקע געזעלשאַפט־לעכע באַציאונגען זיינען צושמעטערט געוואָרן פון דער אינדוסטריעלער רע־וואָלוציע. ווען די אַלטע פּאַטריאַרכאַלע באַציאונגען צווישן מייסטער און געזעלן האָט שוין מער ניט געקענט זיין קיין רייד. דער תהום צווישן דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך דער רעוואָלוציע, איז געוואָרן אַלץ ברייטער און טיפער.

דאָך איידער מיר גייען איבער צו באַטראַכטן דעם ערשטן אויפטריט פון דעם איינגלישן פּראָלעטאַריאַט אויף דער סצענע פון געשיכטע, מוזן מיר אונטערזוכן צוויי פראַגן: פאַרוואָס איז די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע

פֿאַרגעקומען אין איינגלאַנד און ניט אין אַ װעלכן עס איז אַנדער לאַנד?
פֿאַרװאָס איז די רעװאָלוציע ניט באַגלייט געװאָרן פֿון אַ פּאָליטישער רע־
װאָלוציע?

## פֿאַרװאָס איז די אינדוסטריעלע רעװאָלוציע פֿאָרגעקומען צוערשט אין איינגלאַנד

װי קומט עס, װאָס די אינדוסטריעלע רעװאָלוציע איז פֿאָרגעקומען צוערשט אין איינגלאַנד? איז עס צוליב די נאַציאָנאַלע און ראַסן־איינגנ־טימלעכקייטן פֿון דעם איינגלישן פֿאָלקס־כאַראַקטער, װי אַ סך אידעאַליסטי־שע היסטאָריקער װילן אונדז מאַכן גלויבן?! אָדער אפֿשר דערפֿאַר, װאָס איינגלאַנד איז געװען דאָס ערשטע לאַנד צו װערן רייך דורך פּלינדערן אירע קאָלאָניעס און אָנזאַמלען ריזיקן קאַפּיטאַל? אויך די דערקלערונג װעט נישט זיין גענוג. אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט זיינען געװען אין אייראָפּע אַ סך רייכערע לענדער, װי איינגלאַנד, װאָס האָט אָנגעהויבן פֿירן אַ קאָלאָניאַ־לע פּאָליטיק שפּעטער פֿון אירע שכנים אין מערבֿ־אייראָפּע. שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, צום ביישפּיל, זיינען שוין געװען גרויסע קאָלאָניאַל־מאַכטן נאָך אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט. פֿאַרװאָס איז די אינדוסטריעלע רעװאָלו־ציע צוערשט דאָרטן ניט פֿאָרגעקומען? די אורזאַך פֿאַר דעם איז דאָס, װאָס די אַנטװיקלונג פֿון קאָלאָניאַלן האַנדל און האַנדל־קאַפּיטאַל איז נאָך ניט גענוג צו באַשאַפֿן דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם. קאָלאָניאַלער באַזיץ העלפֿט ניט אין אַלע פֿאַלן דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטװיקלונג פֿון דעם איי־ראָפּייאישן מוטערלאַנד. די אַנטװיקלונג פֿון האַנדלס־קאַפּיטאַל קען אונטער־גראָבן די אַלטע פּראָדוקציע־פֿאַרהעלטנישן, אָבער אָן־און־פֿאַר־זיך איז זי נאָך ניט בכוח צו שאַפֿן אַ נייע סיסטעם פֿון פּראָדוקציע. די באַזונדערע קאָנקרעטע פֿאָרם פֿון דער עקאָנאָמישער אָרדנונג, װאָס אַנטשטייט אַלס אַ רעזולטאַט פֿון קאָמערציעלן קאַפּיטאַליזם, הייננגט אָפּ אָן די פּראָדוקציע־פֿאַרהעלטענישן אין דער צייט, װען עס אַנטװיקלט זיך דער האַנדלס־קאַפּיטאַל. די געװאַלטיקע קאָלאָניאַלע רייכטימער פֿון שפּאַניע, צ. ב., האָבן געשטערט איר קאַפּיטאַליסטישע אַנטװיקלונג, װייל דאָס האָט פֿאַרשטאַרקט די פֿעאָ־דאַלע באַציאונגען, װאָס האָבן זיך שוין פּאַקטיש אויסגעלעבט. בלויז דער פֿעאָדאַליזם האָט גענאָסן פֿון די גרויסע רייכטימער פֿון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס — די קעניגלעכע מאַכט, די קאַטוילישע קירכע, דאָס גאַנצע פֿעאָדאַלע באַאַמטנטום, װאָס זיינען געקומען אין באַרירונג מיט די קאָלאָניעס. די שפּאַנישע פֿעאָדאַלן האָבן בעסער אויסגעקליבן די לייכטע מעגלעכקייטן צו װערן רייך דורך די קאָלאָניעס איידער צו אַנטװיקלען די װירטשאַפֿט פֿון זייער אייגענעם לאַנד; פּראָדוקטיװע אַרבעט איז באַ זיי געװען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ מיאוסער און נידעריקער באַשעפֿטיקונג. קורץ, דער פֿאָרטשריט פֿון דעם האַנדלס־קאַפּיטאַל אין שפּאַניע האָט געפֿירט, װי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, צו אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער

אונטערגייענדיקער פעאָדאַלער אָרדנונג און בשום אופן ניט צו דעם געבורט פון דער נייער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. האָלאַנד איז אַ צווייטער ביישפּיל. האָלאַנד איז געווען דאָס לאַנד, וואָס האָט דער־גרייכט די איבערהערשאַפט אַלס אַ קאָלאָניאַלע און האַנדלס־מאַכט נאָך דער ירידה פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. לכתחילה איז די האָלענדישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק געווען אייננ פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון מאַנופאַקטור אין לאַנד גופא. פונדעסטוועגן איז דאָרטן ניט פאָרגעקומען קיין אינדוסטריעלע רעוואָלוציע. פאַרוואָס? ווייל די האָלענדישע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק האָט באַלד פאַרלאָרן איר פאַרבינדונג מיט דעם אורשפּרינגלעכן באַזיס פון פּראָ־דוקציע. דער ריינער צווישנהאַנדל און וואוכעריי האָט זיך מער געלוינט פאַר דעם רייכן האָלאַנד. דעריבער איז די איינזייטיקע אַנטוויקלונג פון קאָמער־ציעלן קאַפּיטאַליזם אין האָלאַנד ניט באַגלייט געוואָרן פון דער קאַפּיטאַליס־טישער פּראָדוקציע־אַנטוויקלונג און, פאַרקערט, נאָך געשטערט איר אַנט־וויקלונג.

אין ענגלאַנד האָבן די פּאַסירונגען אָנגענומען גאָר אַן אַנדער כאַראַק־טער. ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן אַקטיוו צו פירן איר קאָלאָניאַלע פּאָליטיק אַרום דער זעלבער צייט ווי עס האָט זיך פּאַקטיש פאַרענדיקט דער קאַמף קעגן אַבסאָלוטן פעאָדאַליזם אין דער היים. די בורזשואזע רעוואָלוציע איז פאַר־געקומען אין מיטן פון דעם 17טן יאָרהונדערט (אין דעם קאַמף קעגן די סטואַרט־קעניגן). דעריבער האָט דער פעאָדאַליזם אין ענגלאַנד ניט גע־קענט, ווי אין שפּאַניע, שניידן אַליין די פּרוכט פון דעם קאָלאָניאַלן האַנדל. דער ענגלישער קאַפּיטאַל, וואָס איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט דעם קאָלאָניאַלן רייכטום, איז ניט דערשינען אַלס זעלבסטשטענדיקער כוח פון איר באַזיס אין פּראָדוקציע. אויף אַ פאַרהעלטניסמעסיק פריערדיקער שטופע אין זיין אַנט־וויקלונג איז דער ענגלישער האַנדלס־קאַפּיטאַל אַריינגעצויגן געוואָרן אין אייננע באַציאונגען מיט דער אינדוסטריע. אין דעם 17טן יאָרהונדערט האָבן שוין גרויסע קאַפּיטאַלן געפונען זייער וועג אין דער אינדוסטריע. קאַפּיטאַ־ליסטישע מאַנופאַקטור און הויז־אינדוסטריע זיינען שוין לאַנג געוואָרן די כאַראַקטעריסטישע פאָרמען פון פּראָדוקציע, ווי צום ביישפּיל, אין דער וואָל־אינדוסטריע. נאָכדעם האָט דער האַנדלס־קאַפּיטאַל, וואָס האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט, אַ דאַנק דער דערעפענונג פון נייע מערק און אונטערן דרוק פון אויסלענדישער קאָנקורענץ, אָנגעהויבן אַריינדרינגען אַלץ ווייטער אין דער אינדוסטריע און אין דער ערשטער ליניע אין די פּראָדוקציע־צווייגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם עקספּאָרט.

די האָלענדישע אימפּעריע, ווי מיר האָבן געזען, איז צוזאַמענגעבראָכן פון דעם ניט־גענוגנדיקן צוזאַמענהאַנג צווישן איר קאָלאָניאַלן האַנדל און די אינדוסטריען אין דעם מוטערלאַנד. די פראַנצויזישע קאָלאָניאַלע מאַכט האָט אויך צוליב אורזאַכן געמוזט אָפּטרעטן פּלאַץ צו ענגלאַנד. דער וואוקס פון אַן אייננער פאַרבינדונג צווישן דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין איי־גענעם לאַנד, וואָס האָט זיך פרי אַנטוויקלט, און זיין אויסלענדישן האַנדל,

האָט געגעבן איינגלאַנד אַ גרויסן פּאָרצוג און פאַראורזאַכט די שנעלע פאַר־וואַנדלונג פון הענדלערישן און אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל.

אויסערדעם דאַרפן מיר נאָך נעמען אין אַכט אויך געאָגראַפישע פאַק־טאָרן — איינגלאַנדס לאַגע אַלס אַן אינדזל, איר גינסטיקע ברעג־ליניע, דער מעסיקער קלימאַט, די באַקוועמע פאַרקער־מעגלעכקייטן אין לאַנד, און לסוף, די פריער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער אַנטדעקטע אוצרות פון אייזן און קוילן. אַט די נאַטור־פּאָרצוגן האָבן אויך געהאָלפן באַפעסטיקן איינגלאַנדס מיליטער־רישע אויבערהערשאַפט. מיטן צוזאַמענברוך פון דער איטאַליענישער און שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער קאָלאָניאַל־הערשאַפט, מיט דער שטייגנדיקער ים־וויכטיקייט פון פראַנקרייך און האָלאַנד, איז איינגלאַנדס לאַגע געווען די גינסטיקע, ווייל זי האָט באַהערשט די ים־וועגן צו די האַפנס פון אירע קאָנקורענטן — פראַנקרייך און האָלאַנד. אומאַטאַקירבאַר פון דער יבשה, האָט זי ניט געדאַרפט אויסגעבן גרויסע סומען אויפצוהאַלטן אַן אַרמיי, ווי זיי האָבן עס געטאָן, און זיך געקענט קאָנצענטרירן אויף דעם אויפבוי פון אַ שטאַרקן פלאָט, דער מעכטיקסטער וואָפן פון קאָלאָניאַלער פּאָליטיק, סיי פון מיליטערישן, סיי פון דעם קאָמערציעלן שטאַנדפּונקט.

## פאַרוואָס איז די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע ניט באַגלייט געוואָרן פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע?

די בורזשואַזע רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען אין איינגלאַנד אין מיטן פון 17טן יאָרהונדערט. דער פעאָדאַליזם איז שוין לאַנג געווען געבראָכן נאָך איידער די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן. די מאַכט פון דעם אַלטן רעזשים איז דעריבער אין איינגלאַנד פון 18טן יאָרהונדערט שוין ווייט ניט געווען די אורזאַך, פאַרוואָס די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע האָט געקענט פּאַסירן אָן דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליטישער רעוואָלוציע. דאָס מיינט אָבער ניט פונדעסטוועגן, אַז די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע איז געווען פון גלייכע פּאָרצוגן פאַר אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. פּונקט פאַרקערט! דער עקספּראָפּריאירטער פּויער, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן פון זיין ערד, דער הויז־אַרבעטער און האַנטווערקער, וואָס זיינען רואינירט געוואָרן דורך דער מאַשין, דער לוין־אַרבעטער, וואָס איז ברוטאַל עקספּלואַ־טירט געוואָרן פון דעם שטייגנדיקן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם — זיי האָבן ניט געהאַט קיין אורזאַך זיך צופרידנשטעלן מיט די ענדערונגען, וועלכע זיינען אַרום זיי פאָרגעקומען. אָבער אין אָנהויב האָט זייער פּראָטעסט אָנגע־נומען בלויז אַ פאָרם פון ספּאָנטאַנע אַקציעס.

## II.

# די טשארטיסטן־באוועגונג, איר כאראקטער און די וויכטיקסטע שטופן פון איר אנטוויקלונג

### די ארבעטער באוועגונג אין איינגלאנד פארן טשארטיזם — דער קאמף קעגן מאשינען — די לודיט־באוועגונג

ספאנטאנע פראטעסט־האנדלונגען זיינען צוערשט פארגעקומען צווישן די הויז־ארבעטער און די האנטווערקער. זיי זיינען דורך די אינדוסטריעלע ענדערונגען אוועקגעריסן געווארן פון זייער אלטן לעבנס־שטייגער און פון זיי אמשטארקסטן געליטן. אין די לעצטע יארן פון דעם 18טן יארהונדערט האבן זיי אנגעהויבן א פארצווייפלטן קאמף קעגן דער אנטשטייענדיקער פאבריק־סיסטעם, צעשטערט מאשינען, אונטערגעצונדן פאבריקן, געמאכט רעוואלטן, א. אז. וו. אט די אויסברוכן פון די מאסן, וועלכע דער קאפיטאליזם האט אריינגעשלידערט אין גרעסטן תהום פון עלנד און נויט, האבן אנגענומען ריזיקע מאסשטאבן פון דעם יאר 1811 און ווייטער.

צענדליקער טויזנטער קוסטארן (בעלי מלאכות) און היים־ארבעטער, באוואוסט אונטערן נאמען לודיסטן, האבן אנגעהויבן א פלאנמעסיקע מאסן־צעשטערונג פון מאשינען *) און ארגאניזירט פאבריק־רעוואלטן. די באוועגונג האט אנגעווארפן א מורא אויף די באזיצנדיקע קלאסן. דער גענויער אפשטאם פון דעם טערמין „לודיסט" איז אומבאקאנט. מען דענקט, אז עס האט צו טאן מיט א געוויסן נעד לוד, א וועבער ביים פאך, וואס האט צעשמעטערט אויף פיצלעך א מאשין צו שטיקן זאקן, און ארויסגעבראכט דאס ווערטל: „איך וועל טאן וואס לוד האט געטאן". אין 1811 איז דער לודיזם אויפגעטראטן ווי א מעכטיקער געהיימער פארבאנד. ווען מאשינען זיינען צעשטערט געווארן, פלעגן די מאשין־ברעכער איבערלאזן א צעטעלע, וואו ס'איז געשטאנען, אז די ארבעט איז געטאן געווארן אויף די באפעלן פון „נעד לוד" אדער „קעניג לוד". די לודיסטן האבן זיך אויך ניט באנוגנט מיט ברעכן מאשינען; זיי האבן אויך געפרואווט קעמפן פאר די ארבעטער־אינטערעסן אויף אנדערע וועגן. זיי האבן אנגעפירט א קאמף קעגן הויכע פרייזן אויף שפייז. זיי פלעגן קומען אויף די מארק־פלעצער און צווינגען די הענדלער צו פארקויפן זייער סחורה פאר די פרייזן, וואס זיי האבן דיקטירט. אויב ניט — האבן זיי געסטראשעט אוועקצונעמען פון זיי די סחורה אינגאנצן בחנם. אפט פלעגן זיי אויך אריינדרינגען אין די הייזער פון די רייכע לייט און געפאדערט פון זיי געלט־שטיצעס אין דעם נאמען פון „קעניג לוד". די ארבעטער אין די פארשיידענע געגנטן זיינען געוויינטלעך געווען פריינטלעך צו די לודיסטן וואס האבן אויסגעדריקט זייערע שטימונגען.

*) דאס ערשטע געזעץ קעגן דער צושטערונג פון מאשינען און פאבריק־געביידעס איז ארויסגעגעבן געווארן אין איינגלאנד אין 1769.

די באזיצנדיקע קלאסן און זייער רעגירונג האבן, פארשטייט זיך, ניט געקענט זיך פארהאלטן גלייכגילטיק צו דער לודיסטן־באוועגונג. אין 1812 איז ארויסגעגעבן געווארן א געזעץ, וואס באשטראפט מיט טויט די שולדיקע אין ברעכן מאשינען.

בעת די פארלאמענטארישע דעבאטן איבער דעם געזעץ האט עס דער בארימטער פּאעט לארד בייראן געהאלטן זיין ליידנשאפטלעכע רעדע קעגן דעם געזעץ (פעברואר 27, 1812.) בייראן האט דערקלערט:

„אין משך פון דער קורצער צייט, וואס איך האב פארבראכט אין נאטינג־האמשייר, איז ניט אוועק קיין 12 שעה אן א פרישן גוואלט־אקט; און אין דעם טאג, וואס איך בין פון דארטן אפגעפארן, האט מען מיר איבערגעגעבן, אז מיט אן אוונט פריער זיינען דארטן צעבראכן געווארן 40 וועב־שטולן — און ווי געוויינטלעך, אן א ווידערשטאנד און ניט אויס־געפינענדיק די ברעכער... און כאטש מען מוז צוגעבן, אז די אקטן נעמען אן א געפאר־דראענדן כאראקטער, קען מען אבער ניט לייקענען, אז זיי זיינען פאראורזאכט געווארן פון אומשטענדן פון אומדערהערטער נויט: די עקשנות, מיט וועלכער די אומגליקלעכע מענטשן זעצן פאר זייערע האנדלונ־גען, באשטעטיקט, אז בלויז די גרויסע נויט האט געקענט טרייבן א ריזיקע צאל מענטשן, וואס זיינען געווען פריער ערלעך און ארבעטזאם, צו באגיין אזעלכע געפערלעכע עקסצעסן פאר זיך אליין, פאר זייער פאמיליע און דער געמיינדע. אין דער צייט, ווען וועלכער אין האב דערמאנט, איז די שטאט און דער קרייז געווען פארפלייצט מיט גרויסע מיליטערישע אפטיילונגען. די גאנצע פאליציי איז געווען אין באוועגונג, די ריכטער פארזאמלט, און פונדעסטוועגן האבן אלע מיטלען פון דער ציווילער מיליטערישער מאכט געפירט צו — גארנישט.... די ארויסגעווארפענע ארבעטער... אין דער נארישקייט פון זייערע הערצער... האבן געגלויבט, אז די אויפהאלטונג און דער וואוילשטאנד פון די ארבעטזאמע ארעמע מענטשן זיינען פון גרע־סערער וויכטיקייט איידער די בארייכערונג פון א קליינער צאל איינצלנע מענטשן... איר רופט די מענטשן א המון, פארצווייפלט, געפערלעך און אומוויסנד; און איר דיינקט, אז דער איינציקער וועג צו באַרואיקן אט די פיל־קעפּיקע מאכינע איז אפצוהאקן א צאל פון אירע איבערפליסיקע קעפ... ווייסן מיר די פארפליכטונגען, וואס מיר האבן צו א המון? עס איז דער המון, וואס ארבעט אויף אייערע פעלדער און דינט אין אייערע הייזער — וואס שטעלט צוזאמען אייער פלאט און רעקרוטירט אייער ארמיי — וועלכע האבן געמאכט פאר אייך מעגלעך זיך צו שטעלן קעגן דער גאנצער וועלט און קענען זיך אויך שטעלן קעגן אייך, ווען פארנאכלעסיקונג און אומגליק האבן זיי געטריבן צו פארצווייפלונג. איר קענט די מענטשן רופן א המון, נאר פארגעסט ניט, אז א המון דריקט אויס זייער אפט די שטי־מונגען פון דעם פאלק, און דא מוז איך נאך אנווייזן דערויף מיט וואס פארא גרייטקייט איר זייט שטענדיק געוואוינט צו שיקן שנעלע הילף אייערע נויטבאדערפטיקע קריגס־פארבינדעטע, אין דער צייט וואס די נויטבא־

דערפּטיקע פון אייער אייגענעם לאַנד לאָזט איר איבער אויף גאַס באַראַט אָדער — צו צדקה־אַנשטאַלטן... אַ סך אַ קלענערע סומע, אַ צענטל דערפון, וואָס איר האָט אַוועקגעשיינקט פּאָרטוגאַל... וואָלט זיין גענוג און געמאַכט איבעריק די באַרמהערציקייט פון דעם באַיאָנעט און דער תליה.

...איך האָב באַרייזט דעם מלחמה־פּלאַץ פון דעם איבערישן האַלב־אינזל, איך בין געווען אין אַ צאָל פון די סאַמע אונטערדריקטע פּראָווינצן פון טערקיי, נאָר קיינמאָל אונטער די סאַמע דעספּאָטישע ניט־קריסטלעכע רעגירונגען האָב איך ניט געפונען אַזאַ נאָמענלאָזן עלנט וואָס איך האָב געזען זינט איך בין צוריקגעקומען אין דעם סאַמע האַרץ פון אַ קריסטלעכן לאַנד. און וואָס זיינען אייערע רפואות? נאָך חדשים פון אומטעטיקייט און חדשים טעטיקייט, וואָס זייען נאָך ערגער ווי אומטעטיקייט, דערשיינט ענדלעך דאָס גרויסע וואָרט, — דער זיכערער פּאַטענטירטער הייל־מיטל פון אַלע מלוכה־דאָקטוירים זינט די צייטן פון דראַקאָ ביז היינט צו טאָג... טויט (שטראָף)... אָפּגעזען פון דער בלוטיקער אומגערעכטיקייט און דער זיכערער פּרוכטלאָזיקייט פון דעם געזעץ, צי האָט איר ניט גענוג טויט־שטראָפן אין אייערע געזעץ־ביכער? קלעפּט נאָך ניט גענוג בלוט אויף אייערע שטראָף־ביכער, אַז איר דאַרפט נאָכמער פאַרגיסן עס זאָל אַרויף צום הימל און עדות־זאָגן קעגן אייך?... זיינען דאָס די רפואות פאַר אַ פאַרהונגערטער און פאַר־צווייפלטער באַפעלקערונג?"

דער געזעץ איז נאַטירלעך אָנגענומען געוואָרן. מיליטער איז אָפּגעשיקט געוואָרן קעגן די מאַשין־ברעכער, מען האָט אָנגעהייבן דורכפירן טויט־שטראָפן (אין יאָרק האָט מען אין 1813 געהאַנגען אַכצן לודיסטן) און אַריינ־געשיקט שפּיאָנען צווישן די אַרבעטער. די באַוועגונג איז אונטערדריקט געוואָרן, נאָר זי האָט ווידער אויפגעלעבט מיט יאָרן שפּעטער.

די לודיסטן־באַוועגונג איז ניט געווען רעוואָלוציאָנער אין דעם פּראָלע־טאַרישן זין פון דעם וואָרט. זי איז געווען אַן אויסברוך פון פאַרצווייפלונג צווישן די קליינבירגערלעכע מאַסן, וועלכע זיינען רואינירט געוואָרן דורך דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, און וועמעס בלינדע שנאה עס איז געווענדעט געוואָרן קעגן דעם סאַמע אויגשיינלעכן פּיינט, די מאַשין. די לודיסטן האָבן זיך געוואָלט אומקערן צו די „גוטע אַלטע צייטן" און ניט געטראַכט וועגן קיין שום קאַמף פאַר אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג אָדער קעגן קאַפּיטאַליסטישן רעזשים אַלס אַזעלכן.

## די רעפאָרם פון 1832 — די בורזשואַזיע עקספּלואַטירט די אַרבעטער־באַוועגונג

די מאַשינען־ברעכעריי איז ניט געווען דער וועג צו דער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס וועלכער האָט זיך געווענדעט אַלץ מער צו אַנט־שידענערע קאַמף־מעטאָדן, ווי סטרייקס און די אָרגאַניזירונג פון טרייד יוניאָנס. לאַנגע און ביטערע שלאַכטן האָט מען געדאַרפט אויסקעמפן איי־

דער די ענגלישע אַרבעטער האָבן געוואונען דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירן אין טרייד יוניאָנס. אָט די קאַמפן זיינען געווען ספּעציעל שאַרף אין דעם פּעריאָד פון 1815 ביז 1822, אין משך פון דעם קריזיס, וואָס איז געקומען נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות.

פאַר אַ צאָל יאָרן האָט דעמאָלט די בורזשואַזיע אויסגענוצט אַפילו די אויפוואַכנדיקע אַרבעטער־באַוועגונג פאַר אירע אייגענע צוועקן. די בורזשואַזיע האָט דעמאָלט געקעמפט פאַר אַ רעפאָרם פון דעם אַלטן וואַל־רעכט, וואָס האָט איר געגעבן אַ פאַרטרעטערשאַפט אין פּאַרלאַמענט, וועלכע האָט ניט אַנטשפּראָכן איר ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג אין לאַנד. דער פּאַרלאַמענט איז איינפאַך געווען אַ ווערקצייג פון די לאַנד־באַראָנען און די קאָלאָניאַלע מאַגנאַטן. די נייע שטעט, וואָס זיינען אויסגעוואָקסן בעת דער אינדוסטריעלער רעוואָלוציע, זיינען נישט געווען פאַרטראָטן. בלויז די דאָרפישע געביטן, אַמאָל געדיכט־באַפעלקערט, נאָר ביים אָנהייב פון דעם 19טן יאָרהונדערט כמעט פולשטענדיק אומבאַוואוינט, האָבן געהאַט שטים־רעכט. געוויסע וואַל־מיטינגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער אַנוועזנהייט פון איין איינציקן וויילער, וואָס האָט אַליין געעפנט דעם מיטינג און זיך געזעגנט דערוויילט אַלס מיטגליד אין פּאַרלאַמענט. כדי צו צווינגען דעם לאַנד־באַזיצערישן פּאַרלאַמענט צו רעפאָרמירן דאָס וואַל־רעכט, האָט די בורזשואַזיע געפּרואווט געווינען די שטיצע פון די אַרבעטער, באַזונדערס די טרייד יוניאָנס, וואָס האָבן אין 1825 געוואונען דאָס רעכט פון לעגאַלער עקזיסטענץ. די יוניאָנס האָבן פאַר אַ געוויסער צייט זיך פאַראייניקט מיט דער פּאָליטישער באַוועגונג, די „יוניאָנס פון די אַרבעטער און מיטל־קלאַסן". אָט די פּאָליטישע יוניאָנס, שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער רעוואָלוציע פון יולי 1830 אין פּאַריז, זיינען געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן, בירמענגהאַם, און אַ סך אַנדערע שטעט. מיר דאַרפן אָבער פאַרצייכענען, אַז אַפילו דעמאָלט איז אַ קליינע מינדערהייט פון דעם אַרבעטער־קלאַס געווען קעגן דעם בונד מיט דער בורזשואַזיע. אָט די ראַדיקאַלע מינאָריטעט האָט זיך גרופּירט אַרום דער לאָנדאָנער צייטונג, The Poor Man's Guardian (דער באַשיצער פון דעם אָרעמען מענטשן), וואָס איז דערשינען פון 1831 ביז 1895, איינע פון די ערשטע „נישט געשטעמפּלטע" ענגלישע צייטונגען. (אַ געזעץ פון 1819 האָט אַרויפגעלייגט אַ הויכן שטעמפּל־שטייער אויף צייטונגען, וואָס האָט כמעט אוממעגלעך געמאַכט אַן אַרבעטער־פּרעסע; „דער באַשיצער פון אָרימען מענטשן" האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן דעם שטייער און יעדער נומער איז דערשינען מיט אַן אויפשריפט: „אַרויסגעגעבן אומגעזעצלעך, די מאַכט פון רעכט אַנטקעגנצושטעלן דער מאַכט פון גוואַלט".)

אין 1932 האָט די בורזשואַזיע, מיט דער הילף פון די אַרבעטער, געצוואונגען די לאַנד־אַריסטאָקראַטיע צו באַוויליקן די פּראָלעטאַרישע רעפאָרם. ביי אַ סך פון די דאָרפישע געגנטן, וועגן וועלכע מיר האָבן דערמאָנט, האָט מען צוגענומען זייער וואַל־רעכט און די נייע פאַבריק־געגנטן האָט מען

געגעבן פֿאַרטרעטערשאַפֿט. אָבער די שטים־רעכט איז באַוויליקט געוואָרן בלויז צו די שטאָטישע איינוואוינער, וואָס צאָלן פֿאַר דירה־געלט אַמוויי־ניקסטנס 10 פֿונט שטערלינג אַ יאָר (צו יענער צייט איז עס געווען אַ זייער הויכע סומע). די צאָל נייע וויילער האָט אינגאַנצן באַטראָפֿן 130,000. די אַרבעטער, וואָס האָבן געשפּילט אַן אַנטשידנדיקע ראָלע אין דעם קאַמף פֿאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער רעפֿאָרם, האָבן פֿון דעם גאָרנישט געוואונען. נאָכמער, די בורזשואַזיע האָט זיך צוגעאײַלט אויסצונוצן איר זיג אויף דורכ־צופֿירן דעם נייעם „אָרעם־געזעץ" פֿון 1834, וואָס האָט אומגעהויער פֿאַר־קלענערט די געזעלשאַפֿטלעכע שטיצע, פֿאַר די נויטבאַדערפֿטיקע הויז־אַרבעטער און אַלגעמיין.*) מיט אַזעלכע מיטלען האָט די בורזשואַזיע פֿאַרשנעלערט די עקספּראָפּריאַציע פֿון די קליינע פּראָדוצירער, אַוועקגע־רויבט ביי די הויז־אַרבעטער זייער לעצטע מעגלעכקייט צו אַרבעטן ביי זייערע אייגענע וועב־שטולן און זיי אַריינגעטריבן אין די פֿאַבריקן, וואו מ'האָט זיך דעמאָלט שטאַרק גענויטיקט אין מער אַרבעטס־קראַפֿט. לויט דעם נייעם „אָרעם־געזעץ" האָט מען געשאַפֿן „אַרבעטער־הייזער" (אין דער אמתן טורמעס) אין וועלכע מ'האָט „דאָס פֿאָלק געבראַכט צו דער אַרבעט". אין די אַרבעט־הייזער האָט מען די קינדער אָפּגעזונדערט פֿון זייערע עלטערן, מענער פֿון זייערע ווייבער.

די רעזולטאַטן פֿון דער 1832 רעפֿאָרם האָבן ביטער אַנטוישט די אַרבעטער. נאָך לאַנגע יאָרן שפּעטער האָבן זיי צוריקגעוויזן די אידייע פֿון פּראָלעטאַרישער אַקציע און פּאָליטישן קאַמף בכלל און געלייגט אַלע זייערע האָפֿנונגען אויף דירעקטער עקאָנאָמישער אַקציע — טרייד יוניאָנס, קאָאָפּעראַטיוון, סטרייקס. זינט יענער צייט ווערן אַלץ מער באַליבט אין די רייען פֿון פּראָלעטאַריאַט די אידייען פֿון ראָבערט אָוען.

## ראָבערט אָוען

ראָבערט אָוען, דער זון פֿון אַ זאָטל־מאַכער, איז געבוירן געוואָרן אין 1771. אין זיינע פֿריסטע יאָרן איז ער געווען אַ לערן־־אינגל אין אַ גרויסן מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ קאָמערציעלער רייזנדער, און נאָכדעם אַ שותּף אין אַ פֿאַבריק פֿון טעקסטל־מאַשינען. אין עלטער פֿון 19 יאָר איז ער געוואָרן דירעקטאָר פֿון אַ קאַטן (באַוול) פֿאַבריק אין מאַנטשעסטער, און אין 1795 אַ זעלבסטשטענדיקער פֿאַבריקאַנט.

קורץ, אָוענ'ס אידייען קענען פֿאָרמולירט ווערן ווי פֿאָלגט: דער כאַ־ראַקטער פֿון מענטשן איז אָפּהענגיק פֿון דער סביבה, פֿון די לעבנס־פֿאַר־העלטענישן. אויב מיר ווילן אויסבעסערן מענטשן, מוזן מיר אויסבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען. וויבאַלד אַז די באַדינגונגען האָבן דעם גרעסטן

*) די אויסגאַבן פֿאַר עפֿנטלעכער פֿאַרזאָרגונג זיינען געפֿאַלן פֿון 6 מיט אַ האַלב מיליאָן פֿונט אין 1831 ביז 4 מיט אַ האַלב מיליאָן פֿונט אין 1841.

איינפלוס אויפן מענטשן, דאַרף מען ווענדן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דער דערציאונגס־סיסטעם. ווען אָוען איז אין 1800 געוואָרן דער אייגנטימער פון אַ פאַבריק אין ניו לאַנאַרק, האָט ער אָנגעהייבן דורכפירן זיינע אידייען אין דער פּראַקטיק. אנשטאַט די אַלטע, ענגע קברים־שטיבלעך, אין וועלכע די אַרבעטער האָבן געלעבט, האָט ער אויסגעלייגט נייע ברייטע גאַסן אין ניו לאַנאַרק און אויסגעבויט ריינע, גראַמע הייזער. אנשטאַט דעם געוויינלעכן 14 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג האָט אָוען איינגעפירט דעם 10½ שעהיקן אַרבעטס־טאָג, און טיילווייז אָפּגעשאַפט קינדער־אַרבעט. פאַר די אַרבעטער־קינדער (פון דעם צוויי יאָר עלטער אָן) האָט ער געגרינדעט קינדער־היימען. געטריי צו זיין טעאָריע, האָט אָוען אָפּגעשאַפט אין זיינע שולעס דאָס לערנען בלויז פון לער־ביכער און האָט איינגעפירט אנשטאַט דעם, דעם מעטאָד פון שטודירן דורך באַאָבאַכטונג. באַלוינונגען און שטראָפן זיינען אויך אָפּגעשאַפט געוואָרן. אין ניו לאַנאַרק זיינען געגרינדעט געוואָרן געברויך־קאָאָפּעראַטיוון ביי די פאַבריקן. זיי האָבן געקויפט זייערע סחורות אָגולנע (הורטאָוונע) און האָבן דעריבער געקענט פאַרקויפן צו די אַרבעטער סחורות פון גוטער קוואַליטעט פאַר ביליקע פרייזן.

אין משך פון דעם קריזיס פון 1806, ווען טויזנטער אַרבעטער האָבן געהונגערט, איז אָוען געוואָרן געצוואונגען צוצומאַכן זיין פאַבריק. אָבער אנשטאַט אָפּצוזאָגן זיינע אַרבעטער, ווי אַנדערע באַלעבאַטים האָבן געטאָן, האָט ער זיי פאָרטגעזעצט צו צאָלן זייערע שכירות. ס'איז אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז אַלע אָוען'ס רעפאָרמעס האָבן, צו דער גרויסער פאַר־וואונדערונג פון די אונטערנעמער, ניט געהאַט קיין שלעכטע ווירקונג אויף זיינע פּראָפיטן, וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרן פון בעסער־געשפּייזטע און געזונטערע אַרבעטער.

אוען'ס רעפאָרמאַטאָרישע טעטיקייט אין ניו לאַנאַרק האָט אים אָנגע־רעגט צו עפנטלעכער סאָציאַלער טעטיקייט. זינט 1812 האָט ער אָנגעהייבן אַרבעטן פאַר רעפאָרמירן די שולעס און די פאַבריק־געזעצגעבונג. אין 1813 איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט. אין יענעם יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט זיין שריפט „אַ נייע אויפפאַסונג פון דער געזעלשאַפט", אין וועלכער ער האָט גרינטלעך קריטיקירט די רעזולטאַטן פון דער אינדוסטריעלער רעוואָ־לוציע. רעליגיע, אייגנטום און די אומאויפלעזבאַרקייט פון הייראַט האָבן, לויט זיין מיינונג, געבילדעט די דריי־אייניקייט פון די וויכטיקסטע איבלען, וואָס דאַרפן פאַרניכטעט ווערן. „פּריוואַט־אייגנטום, — האָט ער געזאָגט — פאַרוואַנדלט מענטשן אין טייוואָלים, און די וועלט אין אַ גיהנום". אָוען האָט אָנגעוויזן אויף די שרייענדיקע ווידערשפּרוכן אין דער קאַפּיטאַליס־טישער געזעלשאַפט; די דיספּראָפּאָרציע (ניט ריכטיקע פאַרהעלטענישן צווישן קאָנסומציע (פאַרברויך) און פּראָדוקציע; דער מעכטיקער וואוקס אין די פּראָדוקציע־קרעפטן, וואָס ווערט באַגלייט פון אַ פאַלן פון דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די מאַסן; די גוואַלטיקע איבעריקע קאָסטן פון דעם האַנדל. ער האָט פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן פאַר דער געזעלשאַפט פון דער

צוקונפט, אין וועלכער עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן דער אונטערשייד צווישן שטאָט און דאָרף; אין אָוען׳ס קאָלאָניע (ישובים) האָט אינדוסטריעלע אַרבעט געזאָלט זיין פאַרבונדן מיט דער לאַנדווירטשאַפט, וואו די לעצטע זאָלן שפּילן א הויפּט־ראָלע. קאָאָפּעראַציע איז געווען דער באַזיס פון די אוטאָפּיסטישע קאָמונעס. דאָך דאַרף געזאָגט ווערן, אַז כאָטש אָוען האָט זייער גוט פאַרשטאַנען דעם סאָציאַלן עלנד, וואָס דער זיג פון מאַשינען האָט מיט זיך געבראַכט, האָט ער פונדעסטוועגן באַגרעניצט זיין צוקונפטיקע געזעלשאַפט אויף דער אַנערקענונג פון דער פאַבריק־סיסטעם.

„האַנט־אַרבעט קען ניט קאָנקורירן מיט דער מאַשין", האָט ער געשריבן. „צו אַפּזאָגן זיך פון מאַשינען וואָלט געמיינט אַן אומקער צום באַרבאַריזם... די מאַשינען מוזן אַוועקגעשטעלט ווערן אין דינסט פון מענטשלעכער אַרבעט, אַנשטאָט זי אַרויסצוזעצן, ווי זיי טוען איצט."

מאַרקס האָט געזאָגט, אַז אָוען „איז ניט בלויז אַרויסגעגאַנגען פון דער פאַבריק־סיסטעם אין זיינע פּראַקטישע עקספּערימענטן, נאָר עס דערקלערט אויך טעאָרעטיש פאַר דעם אויסגאַנג־פּונקט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". (קאַפּיטאַל, ז. 544.)

אָוען האָט אָנגעהויבן מיט דער אידייע פון אָרגאַניזירן ישובים פון „איניקייט און קאָאָפּעראַציע", נאָר שפּעטער זיינען זיינע פאָדערונגען אויסגעברייטערט געוואָרן אויף דער גאַנצער אומגעשטאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אין א בונד פון קאָמוניסטישע געמיינדעס און קאָלאָניעס. צוויי שטריכן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אָוען׳ס פּלענער: ערשטנס, ווי אַלע אַנדערע אוטאָפּיסטן, האָט ער געהאָפט צו דערגרייכן זיין ציל דורך פרידלעכע מיטלען, דורך דער מאַכט פון ווייזן א מוסטער (ווי אין דעם פאַל פון דער „ניו האַרמאָני" קאָלאָניע, וואָס ער האָט געגרינדעט אין אַמעריקע אין 1824). צווייטנס, ווידער ווי אַנדערע אוטאָפּיסטן, האָט אָוען ניט געגליבט אין דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס די קראַפט, וואָס וועט טראַנספאָרמירן די געזעלשאַפט. ער האָט זיך געווענדעט צו אַלע טיילן פון דער געזעלשאַפט, איינגעשלאָסן די הערשנדיקע קלאַסן, און געשיקט זיינע פּלענער און פאָרשלאַגן אַפילו צו פרינצן און מיניסטאָרן. פּונקט אַזוי אוטאָפּיסטיש איז אויך געווען זיין דערציאונג־טעאָריע. ער האָט געשריבן, אַז „א ריכטיקע דערציאונג קען מאַכן די קינדער פון איין קלאַס די דערוואַקסענע פון א צווייטן קלאַס; קינדער קען מען אויסלערנען צו גלויבן אין זאַכן, פאַר זיי צו שטאַרבן, צו באַטראַכטן זאַכן פאַר נאָבל און גוט, כאָטש זייערע עלטערן האָבן עס געהאַלטן פאַר פאַלש און שענדלעך".

פאַר א לאַנגער צייט זיינען די אַרבעטער געווען גלייכגילטיק צו די אידייען פון אָוען. שפּעטער, אין 1824, איז אויסגעוואַקסן אין לאָנדאָן דער אָנהייב פון א קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אָבער ערשט נאָך 1832, אַלס רעזולטאַט פון די אַפּאַטישע אַנטי־פּאָליטישע סענטימענטן צווישן דעם איינגלישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן די אַרבעטער אָנגעהייבן שיינקען מער אויפמערקזאַמקייט צו אָוען׳ס לעבן, ווייל אויך זיי האָבן איגנאָרירט דעם

פּאָליטישן קאַמף. אָוענ'ס פּלאַן פון קאָאָפּעראַציע האָט אַנגעהויבן מאַכן באַדייטנדיקן פּאָרשריט צווישן די אַרבעטער, ספּעציעל צווישן די קליינע פּראָדוצירער, וואָס זיינען רואינירט געוואָרן פון קאַפּיטאַליזם. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אָוען ווערט מיט רעכט באַטראַכט אַלס דער „פאָטער פון קאָאָפּעראַציע". אַרום 1830 האָבן זיך אָנגעהייבן גרינדן קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן, „אויסטויש־באַזאַרן" און קאָמונאַלע אַרבעט־באַנקען", דורך וועלכע אָוען האָט געהאָפט צו פאַרזיכערן אַ „גערעכטן אויסטויש" פון די פּראָדוקטן פון אַרבעט, וועלכע די מיטגלידער האָבן פּראָדוצירט. ס'איז ניט קיין חידוש, וואָס די אויסטויש־באַנקען האָבן זייער שנעל געפּלאַצט. אָבער עס איז פאַראַן אַן אַנדער זייט פון דער באַוועגונג, וואָס איז פאַר אונדז פון וויכטיקן אינטערעס ; די הילף פון די „אויסטויש־באַזאַרן" האָבן געקענט בלויז אויסנוצן קליינע גרופּן פון בעסער־געשטעלטע אַרבעטער, האַלבע האַנט־ווערקער, וואָס האָבן נאָך אַלץ געקענט האָפן זיך אַרויפצואַרבעטן און ווערן זעלבסטשטענדיקע מייסטערס. אין שייכות דערמיט איז אינטערעסאַנט די פאָלגנדיקע ציטאַטע פון אַ קאָאָפּעראַטיווער צייטונג פון יענער צייט: „אויב דער קאָאָפּעראַטיוו איז דערפאָלגרייך, וועלן זייערע מיטגלידער דערהויבן ווערן פון דעם קלאַס פון אַרבעטער צו דעם קלאַס פון באַזיצער". ס'איז אמת, אַז אָוען האָט אויך געוואָלט גרינדן פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון פון די אַרבעטלאָזע.

אין יענער צייט, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אָפּגעקערט פון פּאָלי־טישער אַקציע, האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט די פּאָפּולאַריטעט פון די טרייד יוניאָנס ; אויך אויף זיי האָט אָוען אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס. אין 1834 איז געגרינדעט געוואָרן די „גרענד נעשאָנעל קאָנסאָלידייטעד טריידס יוניאָן", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אומגעשטאַלטן די געזעלשאַפט אויף קאָמוניסטישע יסודות דורך מעטאָדן פון קאָאָפּעראַציע. צווישן די אַרבעטער איז אויפגעקומען די אידייע, אַז מ'קען אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם אָן אַ פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף — אין וועלכן זיי זיינען שוין איינמאָל אָפּגענאַרט געוואָרן — און בלויז דורך דער מאַכט פון די טרייד יוניאָנס. די טרייד יוניאָנס האָבן געדאַרפט קויפן לאַנד און גרינדן לאַנד־ווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוון ;זיי האָבן אויך געדאַרפט גרינדן אינדו־סטריעלע פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, קאָנסומער־פאַרבאַנדן און דערציאונג־אינסטיטוציעס. אָוען האָט אויף אַזאַ אופן געטרוימט פון פרידלעכער רעוואָלוציע, פון שלום־מאַכן צווישן די קלאַסן ; אָבער די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָוענ'ען אַריבערגעוואָקסן. שטרייטיקייטן זיינען באַלד אויסגעוואָקסן צווישן אים און די טרייד יוניאָנס, ספּעציעל מיט דעם לינקן סינדיקאַליס־טישן פליגל. די „גרענד נעשאָנעל" איז צוזאַמענגעבראָכן נאָך אין זעלבן יאָר פון איר גרינדונג איר צוזאַמענברוך איז פאַרשנעלערט געוואָרן דורך לאָקאַאוטס און קלאַסן־גערעכטיקייט. אָוען איז אַלץ מער און מער אָפּגע־פרעמדט געוואָרן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין משך פון דער אַנטוויק־לונג פון טשאַרטיזם, האָט ער אָפּט שאַרף אַטאַקירט די באַוועגונג. ער האָט

באשולדיקט די טשארטיסטן אין זיין שנאה און פאראכטונג צו די רייכע און אין פארהאלטן דערמיט דעם אנקום פון דער סאציאליסטישער ממשלה, ווייל די ממשלה פון ליבע גערעכטיקייט קען ניט דערגרייכט ווערן דורך דעם טויער פון שנאה."*)

## III.

# די טשארטיסטן־באוועגונג

די גלייכגילטיקייט פון די ארבעטער צו פאליטיק, ווי זייער אנטוישונג נאכן דורכפאל פון די אועניסטישע עקספערימענטן, האט לאנג ניט געקענט דויערן. זיי זיינען געווארן אלץ מער איבערצייגט אין דער נישט־גענוגנד־קייט פון בלויז סינדיקאליסטישע מעטאדן. די לעקציעס פון דער פראלע־טארישער רעפארם אין 1832 האבן זיי אבער קלאר באוויזן, אז זיי מוזן גיין אויף א זעלבסטשטענדיקן וועג, א וועג פון פאליטישן קאמף אפגעזונ־דערט פון דער בורזשואזיע. אין 1836 האט א גרופע פון לאנדאנער קוסטארן און ארבעטער, אנגעפירט פון לאוועט, געגרינדעט די „לאנדאן וואירקינגמענס אסאסיאיישאן". זייער ציל איז געווען די פאליטישע בא־פרייאונג פון דעם פראלעטאריאט. קורץ נאכדעם האט די „אסאסיאיישאן" אויסגעארבעט א פראגראם, וואס איז באשטאנען פון די פאלגנדיקע זעקס פונקטן: 1. אלגעמיינע וואל־רעכט פאר אלע מענער פון 21 יאר אין העכער; 2. יערלעכע פארלאמענטן; 3. געהיימע אפשטימונג ביי וואלן; 4 גלייכע ווילער־דיסטריקטן; 5. שבירות פאר פארלאמענט־מיטגלידער; 6. אפשאפונג פון אייגנטום־קוואליפיקאציעס פאר מיטגלידער אין פאר־לאמענט. אט די פראגראם וואס איז דעמאלט צום ערשטן מאל אנגערופן געווארן אלס „פאלקס־שטייער", האט מיט זיך פארגעשטעלט דעם אנהויב פון דער גרויסער באוועגונג פון דעם איינגלישן פראלעטאריאט, וועלכע איז געווארן בארימט אלס טשארטיזם. ס'איז אמת, אז די פראגראם איז געווען פעלערהאפט אין א סך פרטים: זי האט ניט געפאדערט קיין וואל־רעכט פאר פרויען; זי האט ניט געפאדערט קיין רעפובליק און קיין איין־קאמער פאר־לאמענט; זי האט ניט געהאט קיין סאציאלע און עקאנאמישע פאדערונגען. ניט געקוקט אויף דעם איז דער טשארטער געווען א גרויסער שריט פאראויס אין דער ריכטונג פון פאליטישער פראלעטארישער אקציע אויף א קלאסן־באזיס, אומאפהענגיק פון דער בורזשואזיע.

דאס יאר 1837 קען באטראכט ווערן אלס דער אנהויב פון דער טשאר־טיסטישער באוועגונג. דער קאמף פארן טשארטער האט זיך אנגעהויבן דורך אן אגיטאציע איבערן גאנצן לאנד, און אין די שפעטערדיקע יארן זיינען אפגעהאלטן געווארן א סך גרויסע דעמאנסטראציעס און מיטינגען.

*) אועו איז געשטארבן אין 1858. א גלענצנדער אנאליז פון זיין טעטיקייט ווערט געגעבן פון ענגלס'ן אין בוך „סאציאליזם, אוטאפיסטישער און וויסנשאפטלעכער".

אויך אויסערלעך זיינען זיי אָפּט געווען זייער איינדרוקספול. די מענער האָבן געמאַרשירט אין זייערע אַרבעטס־קליידער און פאַרשפּרייט מיט זייערע פאַקלען אַ בלוט רויטן שיין.*) די פאָדערונגען צו באַוואָפענען די באַפעלקערונג איז אָפן אויסגעדריקט געוואָרן, אַ סך האָבן באַזוכט די מיטינגען שוין באַוואָפנטע. די אויסגעמאָלטע טויטן־קעפּ אויף די פאָנען, וועלכע זיינען געטראָגן געוואָרן בראש פון דער פּראָצעסיע, האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין צווייפל וועגן דער אַנטשלאָסנהייט פון די אַרבעטער, ציטאַטן פון רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן און רעדעס זיינען געוואָרן איבערגעמישט מיט אַזעלכע לאָזונגען, ווי „מער חזירים, וויינקער גלחים,״ „קעמפט ביזן מעסער פאַר ווייב און קינד,״ „אַלגעמיינע וואַל־רעכט אָדער אַלגעמיינע נקמה״. די פאָרם פון אַדרעסירן איז אויף די טשאַרטיסטישע מיטינגען געווען דאָס וואָרט „אַרבעטסלייט!״

*) אין 1838 זיינען די פאַקל־מיטינגען אויסדריקלעך דערקלערט געוואָרן אַלס אומגעזעצלעך. דאָס געזעץ האָט אויך דערלויבט צו גרינדן בלויז לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס. אָרגאַניזאַציעס אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב זיינען געווען אומגעזעצלעך, און זיינען פון צייט צו צייט באַשולדיקט געוואָרן אין הויך־פאַרראַט.

צום סוף פון 1838 איז אויף אַ גרויסן מיטינג אין מאַנטשעסטער פון אַרום 100,000 מענטשן אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו שיקן אַ נאַציאָנאַלע פּעטיציע צום פּאַרלאַמענט. דער מיטינג האָט אויך דערוויילט די ערשטע דעלעגאַטן צו דער טשאַרטיסטישער קאָנווענשאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אָנהויב 1839, מיטן אַנטייל פון דעלעגאַטן פון אַלע טיילן פון דעם „פאַראייניקטן קעניגרייך״.

## די פּאַרטיי פון מאָראַלישן צוואַנג און די פּאַרטיי פון פיזישן צוואַנג

די טשאַרטיסטישע קאָנווענשאָן אַליין איז געוואָרן די אַרענע פון קאַמף צווישן די פאַרשיידענע טענדענצן, וואָס זיינען געווען פאַרטראָטן. מיר דאַרפן געדיינקען, אַז אין דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג האָבן זיך באַטייליקט די פאַרשידנאַרטיקסטע עלעמענטן, ווייל אין דער ערשטער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונדערט איז דער פּראָלעטאַריאַט פון איינגלאַנד געווען דער פּראָלעטאַריאַט פון אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד. די באַוועגונג איז באַשטאַנען פון אינדוסטריעלע אַרבעטער פון דעם צפון „מיט רעקלעך פון באַוולענעם סאַמעט און צעמאָזאָליסטע הענט״ און אויך פון פאַראָרימטע היים־אַרבעטער, קוסטאַרן, לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער (באַטראַקעס) און גרויסע צאָלן קליינבירגערלעכע עלעמענטן. צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע, אָנהענגער פון טרייד יוניאָניזם, האָבן זיך געפינען אין דער באַוועגונג אירלענדישע אינטעליגענטן, ווי א. קאָנאָר; ביז אַ געוויסן גראַד האָבן די לעצטע אויסגעדריקט די שטימונגען פון די קליינע טענענט־פאַרמער פון אירלאַנד, וועמעס לאַגע עס איז געווען זייער אַ שווערע. אין אירע ערשטע עטאַפּן האָט די טשאַרטיסטישע באַוועגונג

אויך צוגעצויגן אַ צאָל מיטגלידער פון דער קליינער און מיטעלער ברוזשו־אזיע, וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן די אַרבעטער־באַוועגונג פאַר אָפּשאַפן די קאָרן־געזעצן, וועלכע האָבן אַרויפגעלייגט הויכע טאַריף־אָפּצאָלן אויף דעם אַריינפיר פון ווייץ.

פון אָנהויב האָבן די בורזשואַזע ראַדיקאַלן און די אַרבעטער־אַריסטאָ־קראַטיע געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אין דער באַוועגונג. די טאַקטיק פון דער „לאָנדאָן וואָרקינגמענ'ס אַסאָסיאיישאָן" איז געווען זייער מעסיק. „מיר דאַרפן ניט קיין ביקס, נאָר דערציאונג", האָט געזאָגט לאָוועט, דער פירער פון דעם רעכטן פליגל, די פּאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג. לאָוועט איז אויך דער, וואָס האָט דערקלערט, אַז דער צוועק פון דער „אַסאָסיאיישאָן" איז געווען „צו געווינען גלייכע פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט פאַר אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט דורך באַנוצן אַלע געזעצלעכע מיטלען".

אין 1848 האָט לאָוועט געראַטן די רעוואָלטירנדיקע פּראָנצויזישע אַרבעטער צו מאַכן זייערע שונאים פאַר פריינט דורך פרידלעכער, מילדער און אַנטקעגנקומענדיקער באַהאַנדלונג. לאָוועט'ס אָנהענגער האָבן געדיינקט, אַז זיי קענען דערגרייכן זייער ציל בלויז דורך אַ בונד מיט די בורזשואַזע ראַדיקאַלן. כדי צו געווינען די לעצטע פאַרן טשאַרטיזם האָבן דעריבער די לאָוועטיסטן באַגרעניצט זייער פּראָגראַם צו ריין פּאָליטישע פאָדערונגען. רעזאָלוציעס, פּעטיציעס און אַנדערע מעטאָדן פון אויסאיבן מאָראַלן דרוק אויף די הערשנדיקע קלאַסן איז געווען די טאַקטיק פון דער פּאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג.

אַפילו קאָנסערוואַטיווע שרייבער, ווי דיזראַעלי, האָבן אָנערקענט די אינערלעכע ווידערשפּרוכן פון דער טאַקטיק פון מאָראַלן צוואַנג. אין זיין נאָוועלע „סיביל", וואָס שילדערט די טשאַרטיסטן־באַוועגונג, זאָגט אַן אַרבעטער:

„איך וועל קודם כל מאַכן אַ פּרוואו אויף די קאַפּיטאַליסטן מיט אביסל מאָראַלן צוואַנג — דעמאָלט וועלן מיר זען, וואָס פאַרא רעזולטאַטן דאָס וועט ברייגנען. אויב די קאַפּיטאַליסטן וועלן אָפּגעבן (פּריוויליק) זייערע רויטע קליידער (פון סאָלדאַטן), וועל איך באַלד אויף מאָרגן ווערן אַן אָנ־הענגער פון מאָראַלישן צוואַנג."

די פּאַרטיי פון פיזישן צוואַנג איז געווען דער לינקער פליגל פון דער באַוועגונג. זיי זיינען געפירט געוואָרן פון אָ'קאָנאָר און אָ'בריען, און שפּעטער, פון ערנעסט דזשאָנס און האַרניי, וואָס האָבן געפאָדערט אָנצו־ווענדן אַ רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק אין פּאָליטישן קאַמף אויף אַ שטרענגן קלאַסן־באַזיס.

„גלויבט ניט יענע, וואָס זאָגן אייך, אַז די מיטעלע און אַרבעטער־קלאַסן האָבן איינע און דיזעלבע אינטערעסן," האָט געזאָגט אָ'בריען. „דאָס איז אַ פאַרדאַמטער ליגן. דער גיהנום איז ניט ווייטער פון הימל, פייער איז אויך ניט מער קעגנזעצלעך צו וואַסער, ווי עס זיינען די איינ־

טערעסן פון די מיטעלע צו די אינטערעסן פון די פּראָדוקטיווע קלאַסן.״ (פּור מענ׳ס גאַרדיען״, 1833.)

לאָנדאָן און בירמענגהאַם זיינען געווען די הויפּט־פעסטונגען פון דער פּאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג בעת דער לינקער פליגל האָט געהאַט זיין הויפּט־כח אין די אינדוסטריעלע צענטערס פון צפון, דער אמתער קערן פון דער טשאַרטיסטן־באַוועגונג.

## די טשאַרטיסטן־קאָנווענשאָן

דעם 4טן פעברואַר, 1839, האָבן זיך 53 דעלעגאַטן פאַרזאַמלט אין לאָנדאָן צו דער טשאַרטיסטישער קאָנווענשאָן. זי האָט זיך געצויגן מיט איבעררייסן ביז סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר. די פּאַרטיי פון פיזישן צוואַנג האָט געהאַט אַ געוויסע אומקלאָרע אידייע וועגן גרינדן אַן אייגענעם פאָלקס־פּאַרלאַמענט אין אָפּאָזיציע צום עקזיסטירנדיקן פּאַרלאַמענט פון לאַנד־באַזיצער און פינאַנסירן. די פּאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג, וואָס האָט צוזאַמען מיט די בורזשואַזע ראַדיקאַלן קאָנטראָלירט די מאַיאָריטעט פון דער קאָנווענשאָן (לאָוועט איז געווען סעקרעטאַר), האָט דורכגעוואָרפן די פאָר־שלאָגן פון רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק. פונדעסטוועגן האָט די קאָנווענשאָן, אַלס ענטפער אויף אַ פאַרשטעלטער אַטאַקע אין דער טראָן־רעדע ביי דער פּאַרלאַמענט־דערעפנונג פון 5טן פעברואַר, אַרויסגעגעבן די פאָלגנדיקע ווענדונג צום פאָלק:

„אויב מיר זאָלן ווערן געצוואונגען אָנצואווענדן זעלבסט־פאַרטיידיקונג, וועלן מיר זיך ניט צוריקהאַלטן פון באַנוצן די עקסטרעמסטע מיטלען. מיר וועלן אויסקלייבן בעסער צו שטאַרבן אויף דער תליה אַלס פרייע מענטשן איידער צו לעבן אין דער זאָרגלאָזער רו פון שקלאַפן. אָבער די ווענדונג צו געוואַלט הענגט ניט אָפּ אָן אונדז, נאָר אָן דער רעגירונג.״

אונטערשריפטן זיינען געזאַמלט געוואָרן פאַר דער פּעטיציע צום פּאַרלאַמענט. האַרני, דעמאָלט 22 יאָר אַלט, האָט געפרעגט די קאָנווענשאָן, וואָס זי האָט בדעה צו טאָן, אויב דער פּאַרלאַמענט זאָל, ווי ס׳איז געווען זייער וואַרשיינלעך, זיך אָפּזאָגן צו באַוויליקן דעם טשאַרטער. די מערהייט האָט באַשלאָסן, אַז די פראַגע זאָל נישט דיסקוטירט ווערן. זי האָט אויך פאַרבאָטן די מיטגלידער פון דער קאָנווענשאָן, וואָס פאָרן אַרום איבער די פּראָווינצן צו זאַמלען אונטערשריפטן, צו האַלטן פייערדיקע רעדעס אָדער פאָרשלאָגן רעוואָלוציאָנרע מאָסמיטלען. פון דער אַנדערער זייט האָט די קאָנווענשאָן פולשטענדיק גוטגעהייסן די פאָדערונג פון דעם רעכט פון פאָלק צו טראָגן וואָפן און זיי באַנוצן, אונטערן אויסרייד, אַז די פראַגע איז אַזוי קלאָר, אַז מען דאַרף זי אַפילו נישט דיסקוטירן. כאָטש די פאַרטיי פון מאָראַלן צוואַנג האָט געהאַט די אויבערהאַנט, זיינען אַ צאָל בורזשואַזע ראַדיקאַלן געווען אומצופרידן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן טאָן פון די רעדעס פון דעם לינקן פליגל, און האָבן פאַרלאָזן די קאָנווענשאָן. דאָס האָט זי

געמאַכט פון אַ סאָציאַלן שטאַנדפונקט פאַר אַ מער איינהייטלעכער און גאַנצער קערפּערשאַפט. אָבער דער אַנטאַגאָניזם צווישן די צוויי פליגלען פון דער באַוועגונג איז געוואָרן אַלץ שאַרפער. דער לינקער פליגל האָט געפאָדערט און אויסגעפירט אַריבערצוטראָגן די קאָנווענשאָן קיין בוירמינגאַם, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 13טן מאַי. דער אויסוואַל קען קוים אָנגערופן ווערן אַ גליקלעכער. אַ רייכער באַנקיר און מיטגליד פון פּאַרלאַמענט, טהאָמאַס עטוואָוד, איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן די זעלבסטשטענדיקע האַנטווערקער און אַרבעטער־אַריסטאָקראַטן פון בוירמינגאַם. עטוואָוד איז געווען קעגן דער רעגירונג צוליב איר פינאַנציעלער פּאָליטיק, און כאָטש ער האָט זיך דערקלערט צו גונסטן פון אַ גענעראַל סטרייק, האָט ער אין דער אמתן ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט רעוואָלוציאָנערע קאַמף־מעטאָדן, — ער האָט בלויז געוואָלט אויסנוצן די אַרבעטער־באַוועגונג דורכצופירן אַ פינאַנציעלע רעפאָרם.

אין בוירמינגאַם האָט די קאָנווענשאָן באַשלאָסן אָנצונעמען שריט, אויב די פּעטיציע זאָל צוריקגעוויזן ווערן. אָבער די פאַרטרעטער פון פיזישן צוואַנג אַליין האָבן זיך געשראָקן פאַר אַ רעוואָלוציע. אָ'ברייען האָט דערקלערט: „ביז איצט איז די קאָנווענשאָן ניט געווען אין אַ לאַגע צו רעקאָמענדירן ענערגישע מיטלען. אויב זי זאָל עס איצטער טאָן, וואָלט עס באַדייט ברענגען דאָס פאָלק אין אַ געפאַר. צו רעקאָמענדירן מער ווי דאָס (ד. ה. די רעוואָלוציע) וואָלט געמיינט זיך אַליין פאַראורטיילן צו אַ דורכפאַל“.

די קאָנווענשאָן האָט אויפגעפאָדערט, אין פאַל די פּעטיציע זאָל צוריקגעוויזן ווערן, נישט צו צאָלן קיין רענט און שטייערן, אַרויסציען די דעפּאַזיטס פון די שפּאָר־באַנקען און אויסבייטן די פּאַפּיר־געלט אויף גאָלד. אָט די מיטלען זאָלן גענומען ווערן איבערן גאַנצן לאַנד אין זעלבן טאָג. די אַרבעטער האָבן אויך געדאַרפט אויפהערן נוצן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, וואָס זיינען געווען באַשטייערט, און דערקלערן אַ גענעראַל סטרייק. עס האָט ניט געהאָלפן האַרנעיס קריטיק פון דער פּראָגראַם. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די אַרבעטער האָבן נישט קיין דעפּאַזיטס אין די באַנקען און אַז זייער איינציקער וואָפן איז דער גענעראַל סטרייק, וואָס מוז זיך אַנטוויקלען אין אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. ס'איז אמת, אַז די קאָנווענשאָן האָט אויך גוטגעהייסן דעם גענעראַל־סטרייק (דעם „הייליקן חודש “), נאָר בלויז אַלס אַ לעצטן און סאַמע פאַרצווייפלטן מיטל אין דעם ערגסטן פאַל. בלויז האַרנעי האָט אַרויסגעוויזן אַ קלאָרערע פאַרשטענדניש פון דעם גענעראַל סטרייק און באַוואָפנטן אויפשטאַנד.

נאָכן אויסאַרבעטן אירע פרידלעכע מיטלען אויף דורכצופירן דעם טשאַרטער, האָט זיך די קאָנווענשאָן געשלאָסן ביז דעם ערשטן יולי, און ביז יענער צייט, אָנגעהייבן אָרגאַניזירן מאַס־מיטינגען. אָט די מיטינגען זיינען אומעטום געווען אויסערגעוויינלעכע דערפאָלגן. אַזוי שנעל אָבער ווי די קאָנווענשאָן האָט זיך ווידער פאַרזאַמלט, האָט די רעגירונג אָנגעהויבן נעמען דעפּרעסיווע שריט. מיטינגען זיינען פאַרבאָטן געוואָרן, די פּאָליציי האָט אָפּגעבראָכן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס און דורכגעפירט מאַסן־

אַרעסטן. אין בוירמינגאַם איז דערקלערט געוואָרן קריגס־צושטאַנד און די האַנדלונג פון דער רעגירונג האָט אַזוי פּראָוואָצירט די אַרבעטער, אַז דעם 15טן יולי זיינען פאַרברענט געוואָרן די הייזער פון די גוט־באַקאַנטע שונאים פון די טשאַרטיסטן. פאַר צוויי אָדער דריי טעג איז די שטאָט געווען פאַקטיש אין די הענט פון דעם פאָלק. די נייס וועגן די דאָרטיקע פּאַסירונגען און פון דער האַנדלונג פון דער רעגירונג האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג צווישן די אַרבעטער איבערן גאַנצן לאַנד. אין דעם אנטשידענעם מאָמענט האָט די קאָנווענשאָן, וואָס האָט דעם 10טן יולי ווידער געביטן איר זיץ־פּלאַץ קיין לאָנדאָן, אַרויסגעוויזן איר פולשטענדיקע מאַכטלאָזיקייט. זי האָט ניט אַרויסגעגעבן דעם רוף פאַר אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד און זיך שטריינג גע־האַלטן ביי פרידלעכע מיטלען. זי האָט זיך בלויז באַנוגנט מיט אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע קעגן דער האַנדלונג פון די רעגירונגס־באַאַמטע.

דעם 12טן יולי, 1839, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן אין פּאַרלאַמענט צוריקגעוויזן די פּעטיציע, מיט אירע אָנדערהאַלבן מיליאָן אונטערשריפטן, דורך אַן אָפּשטימונג פון 235 קעגן דער פּעטיציע און 46 פאַר. די קאָנ־וועגשאָן איז ניט געווען בכח אויפצונעמען דעם אַרויסרוף. איר ערשטער פּלאַן פון אַ גענעראַל סטרייק — דער „הייליקער" חודש, וואָס האָט זיך געדאַרפט אָנהויבן דעם 12טן אויגוסט — איז דורכגעוואָרפן געוואָרן. די גענעראַל סטרייק קאָמיסיע דערקלערט אין איר באַריכט: „מיר זיינען אַלע איינשטימיק מיט דער מיינונג, אַז די מאַסן זיינען צוגעגרייט". אנשטאַט דעם האָבן זיי דערקלערט אַ דעמאָנסטראַטיוון סטרייק פאַר צוויי אָדער דריי טעג. אויך דאָס איז געווען אַ דורכפאַל. פילנדיק איר אָנמעכטיקייט, האָט די קאָנוועגשאָן זיך אויפגעלייזט דעם 14טן סעפּטעמבער. די רעגירונג האָט פאַרשטאַרקט אירע אַטאַקעס. דזשאָן פראָסט, אַ טוך־מאַכער פון ניופּאָרט און פרידנס־ריכטער, וואָס האָט זיך פאַרבינדן מיט די טשאַרטיסטן, האָט אָנגעפירט מיט אַ באַוואָפנטן פאַרזוך צו באַפרייען הענרי ווינסענט, וואָס איז איינגעשפאַרט געוואָרן אין ניופּאָרטער תפיסה פאַר נעמען אַנטייל אין רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמלונגען. פראָסט האָט מאַרשירט בראש פון טויזנט מענטשן אויף ניופּאָרט, נאָר ער איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַ האַגל קוילן פון מיליטער, וואָס האָט צען פון זיינע אָנהייגנער דערהרגעט און פופציק פאַרוואונדעט. אָט דער „אויפשטאַנד" איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס אַן אויסרייד אָנצואווענדן שטריינגערע רעפּרעסיווע מיטלען. אין פאַרלויף פון 4 חדשים האָט מען אַרעסטירט 450 מענטשן. אָ'קאָנאָר, אָ'ברייען, פראָסט, און אַ סך אַנדערע זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן אין הויך־פאַרראַט. אין דעם פּעריאָד פון עקאָנאָמישן וואוילשטאַנד (פּראָספּעריטי), וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהייבן, האָט די אומאייניקע פירערשאַפט פון דער באַוועגונג,

וועלכע האָט זיך אויסשליסלעך געשטיצט אויף לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס, פאַראורזאַכט דעם אָפּפאַל פון דער ערשטער כוואַליע פון טשאַרטיזם.

## דער צווייטער פעריאָד פון דער טשאַרטיסטן־באַוועגונג

דאָך איז די פויזע געווען נאָר אַ קורצע, אַ נייער עקאָנאָמישער קריזיס און וואוקס פון אַרבעטלאָזיקייט און נויט האָבן באַלד אויסגעאיבט זייער ווירקונג און געגעבן אַ מעכטיקן שטויס פאַראויס דעם קאַמף פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט. אין יולי 1840 האָט זיך געגרינדעט אַ נאַציאָנאַלער טשאַר־טיסטישער פאַרבאַנד אין מאַנטשעסטער. זיין צוועק איז געווען צו פאַראייניקן אַלע טשאַרטיסטישע גרופּן איבערן לאַנד (דאָס איז געווען קעגן געזעץ) כדי צו דערגרייכן אַ ראַדיקאַלע רעפאָרם פון דעם „האוז אָוו קאָמאָנס" (אונטער־שטער הויז, פאַרלאַמענט) דורך „פרידלעכע און קאָנסטיטוציאָנעלע מיטלען". ארום 1842 האָט שוין דער פאַרבאַנד פאַרמאָגט אַן ערך 400 לאָקאַלע אָפּטיילונגען מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 40,000 . דאָס איז געווען אַן אמתע אַרבעטער־פּאַרטיי, מיט אַן עקזעקוטיווע קאָמיטעט, רעגלמעסיקע קאָנגרעסן, מיטגליד־אָפּצאָלונגען און מיטגלידס־קאַרטן. דאָס איז די בעסטע אָפּלייקענונג פון דער סברה, וואָס ווערט נאָך עד היום אַרויסגעשטעלט, אַז עס קען ניט זיין קיין פּאָליטישע מאַסן־פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין ענגלאַנד. ניט געקוקט אויף די ביטערע קאַמפן און געזעצלעכן פאַר־ראַט אין דעם נאַציאָנאַלן טשאַרטיסטן פאַרבאַנד געלונגען אויפצובויען אַ נאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַנטוויקלט אין אַ פּאָליטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דאָס האָט באַצייכנט דעם העכסטן פּונקט פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג. דער עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט האָט גענומען אויסאַרבעטן אַ צווייטע פּעטיציע צום פּאַרלאַמענט. די ערשטע פּעטיציע האָט ניט געהאַט קיין סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען. אָבער אין דער צווייטער פּעטיציע איז, אַ חוץ די זעקס פּונקטן, געוואָרן אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ צו די עקאָנאָמישע פאָדערונגען פון די אַרבעטער:

„אַז אין ענגלאַנד, אירלאַנד, סקאָטלאַנד און וויילס שטאַרבן טויזנ־טער מענטשן פון הונגער. אַנערקענענדיק, אַז אָרעמקייט איז די הויפּט־אורזאַך פון פאַרברעכן, קוקן די פּעטיציאָנערן מיט פאַרוואונדערונג און אומרו ווי ווייניק עס ווערט געטאָן פאַר די אָרעמע, שוואַכע און אַלטע לייט. מיט דער גרעסטער אַנטריסטונג באַטראַכטן מיר דעם באַשלוס פון דעם ערנווערטן הויז (פאַרלאַמענט) צו לאָזן אין קראַפט דעם „אָרעם־געזעץ", ניט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל באַווייזן וועגן זיין אומקאָנסטיטוציאָנעלן פּרינציפּ, פון זיין אומקריסטלעכן כאַראַקטער און פון זיינע גרויזאַמע און מערדערלעכע ווירקונגען אויף די לוינען פון די אַרבעטער און די לעבנס פון די אונטערטאַנען פון דעם לאַנד...

„אַז ניט געקוקט אויף דער עלנדער און אומדערהערטער לאַגע פון דעם

פאָלק, האָט אייער ערנוועורטע הויז ניט אַרויסגעוויזן קיין נייגונג צו באַשריינקען די מלוכה־אויסגאַבן, צו פאַרקלענערן די שטייערן און צו הייבן דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד....

„אַז אייערע פּעטיציאָנערן קלאָגן זיך, אַז די אַרבעט־שטונדן, ספּעציעל פון די פאַבריק־אַרבעטער, זיינען פאַרלייגנערט איבער די גרענעצן פון מענטשלעכן אויסהויער; אַז די פאַרדינטע לוינען, נאָכן זיין געצוואונגען צו אַרבעטן אונטער אומנאַטירלעכע אומשטענדן, צו פּראַצעוועןן אין אָנגעגליטע און אומגעזונטע וואַרשטאַטן, זיינען ניט גענוג צו דערהאַלטן די קערפּערלעכע געזונטהייט פון דעם אַרבעטער און אים באַזאָרגן מיט יענע באַקוועמלעכקייטן, וואָס זיינען אַזוי אומבאַדינקט נויטיק נאָך אַן אומגעהויערן פאַרלוסט פון פיזישער ענערגיע.

„אַז אייערע פּעטיציאָנערן ווענדן אויך די אויפמערקזאַמקייט פון אייער ערנווערטן הויז אויף די הונגער־לוינען פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע אַרבעטער און באַטראַכטן מיט גרויל און צאָרן די נידעריקע איינקונפטן פון יענע, וואָס שאפן מיט זייער פּראַצע די נאַרונג פון דער גאַנצער באַפעלקערונג.

„אייערע פּעטיציאָנערן באַדויערן אַמטיפסטן די עקזיסטענץ פון מאָנאָפּאָליעס אין דעם לאַנד און פאַרדאַמען אויפן אַנטשידנסטן אופן די באַשטייערונג פון סחורות,, וואָס ווערן הויפּטזעכלעך פאַרברויכט פון די אַרבעטער־קלאַסן. זיי האַלטן, אַז אויב די צוריקרופונג פון די קאָרן־געזעצן וועט ניט באַפרייען די אַרבעטער פון זייערע קייטן ביז דאָס פאָלק וועט ניט באַזיצן יענע מאַכט, וואָס קאָן אָפּשאַפן אַלע מאָנאָפּאָליעס און אונטערדריקונג. אייערע פּעטיציאָנערן באַציען זיך אויף דעם עקזיסטירנדיקן מאָנאָפּאָל פון דעם וואַל־רעכט, פון פּאַפּיר־געלט, דער באַזיץ פון מאַשינען און באָדן, דער מאָנאָפּאָל פון דער פּרעסע, רעליגיעזע פּריווילעגיעס, דער מאָנאָפּאָל אויף פאַרקער־מיטלען און אַ גרויסע צאָל אַנדערע, וואָס זיינען צופיל אויסצורעכענען. אָט די אַלע מאָנאָפּאָליעס ווערן געשאַפן דורך קלאַסן־געזעצגעבונג....”

אָט די צווייטע פּעטיציע האָט שוין קלאָר פאָרמולירט די פאָדערונגען אָפּצושאַפן דעם „אָרעם־געזעץ” און איינפירן פאַבריק־געזעצגעבונג ווי אויך אונטערשטראָכן די נויטווענדיקייט פון דעם איבערגאַנג פון דער מאַכט צום פאָלק. העכער 331,000 אונטערשריפטן זיינען געזאַמלט געוואָרן. דעם 2טן אויגוסט איז די פּעטיציע דערלאַנגט געוואָרן צום פּאַרלאַמענט און איז צוריקגעוויזן געוואָרן. „מיר מעגן שוין פונקט אַזוי אַפּעלירן צו די פעלזן פון גיבראַלטאַר ווי צום פּאַרלאַמענט”, האָט געזאָגט אַ ראַדיקאַלער מיטגליד פון פּאַרלאַמענט. לאָרד מאַקאָאולעי, דער באַרימטער ענגלישער געשיכטע־שרייבער, האָט ביי דער געלעגנהייט דערקלערט:

„ס'איז געפערלעך איבערצוגעבן די העכסטע מאַכט פון דער מלוכה אין די הענט פון אַ קלאַס, וואָס וואָלט אָן ספק געמאַכט אומפּאַסנדיקע און

סיסטעמאטישע אטאקעס אויף דער זיכערקייט פון אייגנטום."

די טשארטיסטן האבן גלייכצייטיק געדארפט קעמפן קעגן אן אומגע־ווינשטן פארבינדעטן, וואס האט זיך אליין אויף זיי ארויפגעצוואונגען — די בורזשואזע אנטי־קארן־געזעץ ליגע. די גרויסע צאל אגיטאטארס פון דער געלט־רייכער ארגאניזאציע האבן געפרואווט אריבערגעווינען דעם ארבעטער־קלאס דורך די אויסזיכטן אויף ביליקע ברויט און הויבונג פון דעם לעבנס־סטאנדארד, וואס וואלטן געקומען, ווי זיי האבן ארגומענטירט, אלס רעזולטאט פון דער צוריקרופונג פון די קארן־געזעצן. דורך אזעלכע מיטלען האט די בורזשואזיע געהאפט אפצואווענדן די אויפמערקזאמקייט פון די ארבעטער פון דעם טשארטיזם. דאך האבן די טשארטיסטן זייער קלאר פאר־שטאנען די בורזשואזע מאנעווערס. ביליקער ברויט וואלט געמיינט נידע־ריקערע לוינען, און די ארבעטער האבן זיך ניט געלאזט כאפן אויף דער ווענטקע. די בורזשואזיע האט דעריבער געפרואווט אויסצואיבן א דרוק אויף די מאסן אויף אן אנדער אופן. זי האט ארגאניזירט לאקאאוטס צו פראוואצירן סטרייקס. אין 1842 זיינען טאקע אויסגעבראכן א צאל סטרייקס, נאר זיי האבן אנגענומען א כאראקטער, וואס די בורזשואזיע האט ניט פאראויסגעזען. די פאדערונג צו דעם טשארטער איז איצט געווארן פארבונדן מיט עקאנאמישע פאדערונגען. די סטרייקס האבן אויך געבראכט די טשארטיסטן און די טרייד יוניאנס אין אן ענגערן בונד איינער מיטן צווייטן. א געוויסע צייט האבן די טשארטיסטן אויסגעאיבט א ראדיקא־ליזירנדיקע ווירקונג אויף די יוניאנס, וואס זיינען אליין געשטאנען אן א זייט פון דעם קאמף פאר דעם טשארטער. די אידייע פון א גענעראל סטרייק האט ווידער באשעפטיקט די געדאנקען פון די ארבעטער.

וויליאם בענבאו, א שוסטער און בוך־הענדלער, ווערט באטראכט אלס דער פאטער פון דער אידייע פון דעם גענעראל סטרייק. אין 1831 האט ער אפגעדרוקט א פאמפלעט וועגן דעם גענעראל סטרייק, דער „הייליקער חודש", וואס איז אויפגענומען געווארן פון דער "פור מענ'ס גארדיען". אין משך פון 1838 האט בענבאו אפגעהאלטן מיטינגען איבער גאנץ לאנקישייר. אין אויגוסט 1839 האט מען אים ארעסטירט. צווישן 1838 און 1842 האט זיין פאמפלעט אויסגעאיבט אן אומפאסנדיקן איינפלוס. בענבאו'ס הויפט־אידייען קען מען זען פון דעם ענטפער, וואס ער האט געגעבן אויף דער פראגע: ווי אזוי קענען די ארבעטער זיך באפרייען?

„דורך פראקלאמירן א חודש פון רו, דורך אפשטעלן די ארבעט. מען זאגט אונדז, אז מיר ליידן פון איבער־פראדוקציע. גוט! לאמיר מער נישט פראדוצירן, דעמאלט וועלן די ערשער דערזען, אז א שפע פון עקאנאמישע סחורות איז ניט קיין צרה. מען זאגט אונדז, אז מיר ליידן פון איבער־באפעלקערונג. גוט! לאמיר ציילן און לאמיר זען ווי גרויס עס איז די ארמיי פון ארבעט און ווי נישטיק אין צאל עס איז די פריווילעגירטע מינ־דערהייט. ווען די מאסן וועלן ווארפן די ארבעט וועלן זיי ווערן באוואוסט־זיניק וועגן זייער מאכט, זיי וועלן פארשטיין די וויכטיקייט פון פאראיי־

ניקטער אַקציע. כּדי די אַרבעטער זאָלן האָבן דערפון אַ נוץ, מוז דער רו־חודש זיין אַ חודש פון קאָנגרעס, אַ פאָלקס־חודש, אין וועלכן די נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן וועט אונטערציען אַ סאָציאַלן סך הכל און וועט באַזיגן און מאַכן אַ סוף צו דער טיראַניי".

די סטרייק־באַוועגונג איז אויפגעקומען ספּאָנטאַן. די טשאַרטיסטן האָבן ניט גענומען די איניציאַטיווע. די פּאַסירונגען זיינען מערסטנס גע־קומען אומדערוואַרט. דער סטרייק האָט זיך אָנגעהייבן פון מאַנטשעסטער. די טשאַרטיסטישע עקזעקוטיווע האָט אויפגענומען דעם לאָזונג פון דעם „הייליקן" חודש און גערופן אַלע איינגלישע אַרבעטער צו דערקלערן אַ גע־נעראַל סטרייק. דער רוף האָט געקראָגן אַ לעבעדיקן אָפּקלאַנג, כאָטש קיין ווירקלעכער גענעראַל סטרייק איז ניט פאָרגעקומען, ווייל אין דער צייט וואָס דער צפון איז בראַוו אַרויסגעקומען, זיינען די דרומדיקע און צענט־ראַלע דיסטריקטן ניט אַרויס.

די פּאַסירונגען פון אויגוסט 1842 האָבן אַרויסגערופן גרויס אומרו־איקייט צווישן די הערשנדיקע קלאַסן. מיט פיר יאָר שפּעטער האָט סער דזשיימס גרעהעם, דער אינערן־מיניסטער, זיך מודה געווען אין פּאַרלאַמענט:

„דאָס יאָר 1842 האָט אונדז געבראַכט פיינפולע און טרויערדיקע דער־פאַרונגען: אַ יאָר פון גרויסער נויט. און איצט אַז עס איז שוין אַוועק, קען איך דערקלערן וועגן דער גרויסער געפאַר. וואָס איז געווען די לאַגע אין 1842? דערלויבט מיר אייך איצט אויסצוזאָגן אַ סוד. מיר האָבן געהאַט אין לאָנדאָן, אין מיטן נאַכט, טשאַרטיסטישע מיטינגען. ריזיקע מאַסן מענטשן, שטאַרק אומצופרידענע, פאַרביטערטע עלעמענטן האָבן זיך געפירט אין אַ גייסט, וואָס איז אַ געפאַר פאַר דעם עפנטלעכן פרידן... און וואָס איז געווען די לאַגע אין לאַנקאַשייר?... אַלע מאַשינען זיינען געשטאַנען שטיל... איך בין אומאויפהערלעך געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט די מיליטערישע באַאַמטע וועגן די זיכערקייט־מיטלען, וואָס דאַרפן גענומען ווערן אָפּצוהאַלטן דעם עפנטלעכן פרידן. מיליטער איז כסדר אַרויסגערופן געוואָרן פון פאַרשיידענע טיילן פון די אינדוסטריעלע צענטערס אויפצוהאַלטן די עפנטלעכע רו... מיינע קאָלעגן און איך האָבן דורכגעלעבט די דריי שרעקלעכסטע חדשים, וואָס אונדז איז נאָך קיינמאָל ביז דעמאָלט ניט אויס־געקומען דורכצומאַכן בנוגע עפנטלעכע ענינים..." (האַנסאַרד, „פּאַרלאַמענ־טאַרישע דעבאַטן", פעברואַר 1846, ז. 718. ביר׳ס „היסטאָרי אָוו בריטיש סאָשעליזם", ז. 150).

ווען דער סטרייק האָט אָנגעהייבן זיך אויסוועפּן, איז איר פירער, פירגוס אָ׳קאָנאָר, אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט די באַוועגונג צו זיך אַליין. די רעגירונג האָט דורכגעפירט העכער 1,500 אַרעסטן. אין אָקטאָבער 1841 האָט מען געמשפּט 651 פון די אַרעסטירטע.

דער דורכפאַל פון דעם „הייליקן חודש" האָט דעזאָרגאַניזירט די באַוועגונג. דער טשאַרטיסטן־פאַרבאַנד האָט שנעל פאַרלאָרן מיטגלידער. בלויז דריי אָדער פיר טויזנט זיינען פאַרבליבן אין 1843. די ירידה פון דער

באוועגונג איז פאַרשנעלערט געוואָרן דורך דעם פּעריאָד פון דעם אינדוס־טריעלן אויפשוואונג, וואָס האָט גדויערט פון 1843 ביז 1846. די אַנטוישטע אַרבעטער האָבן זיך ווידער אָפּגעקערט פון דעם פּאָליטישן קאַמף און אָפּגעגעבן זייער ענערגיע צו דער טרייד יוניאָן און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. אין יענער צייט האָט זיך אַנטוויקלט די ריכטונג און טשאַר־טיזם, וואָס האָט גערופן די אַרבעטער „צוריק צום באָדן.״

## די סאָציאַלע פּראָגראַם פון די טשאַרטיסטן

מיר האָבן שוין געזען, וואָס פאַרא פאַרשידנאַרטיקע עלעמענטן עס האָבן זיך געפונען צוזאַמען אין דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג. אָט דער צוזאַ־מענשטעל האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט נאָר אין די מיינונגס־פאַרשידנקייטן איבער טאַקטישע פראַגן, נאָר אויך איבער דער טשאַרטיסטישער פּראָגראַם. זייער סאָציאַלע פּראָגראַם איז געווען אומקלאָר און ניט רייף, סיי ביים רעכטן סיי ביים לינקן פליגל. פונדעסטוועגן וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו גלויבן, אַז די קראַפט פון טשאַרטיזם איז געלעגן בלויז אין זיין פּאָליטישער פּראָג־ראַם אַליין, און דערפאַר אים באַטראַכטן אַלס אַ בורזשואַז־ראַדיקאַלע באַווע־גונג, אַ שטעלונג, וועלכע איז אַ לאַנגע צייט אויסגעדריקט געוואָרן פון בור־זשואַזע געשיכטע־שרייבער.

עס וואָלט זיין פונקט אַזוי פאַלש אָנצונעמען די קעגנזעצלעכע שטעלונג פון די וועבס'עס, וואָס באַטראַכטן דעם טשאַרטיזם פאַר אַן אומוויכטיקער עקאָנאָמישער באַוועגונג אָן שום שייכות מיט פּאָליטיק. פאַר די פאַבריק־אַרבעטער פון צפון, איז דער טשאַרטיזם געווען, ווי סטעפענס דריקט זיך אויס, אַ מעסער־און־גאָפל פראַגע. דער טשאַרטער מיינט גוטע שפייז, אַ גוטע הויז, גוטע שכירות און אַ קורצער אַרבעטס־טאָג. ענגעלס האָט געזאָגט וועגן טשאַרטיזם:

„די זעקס פונקטן (פון דער טשאַרטיסטישער פּראָגראַם)... זיינען פאַר דעם פּראָלעטאַריער קריגס־געשריי פון די טשאַרטיסטן". (די לאַגע פון דעם אַרבעטער קלאַס אין ענגלאַנד אין 1844, ז. 235).

די אַלגעמיינע פּלאַטפאָרמע פון דער באַוועגונג איז געווען אַלגעמיינע וואַל־רעכט. וואָס וועט אָבער זיין נאָכדעם, ווי די אַלגעמיינע וואַל־רעכט וועט דערגרייכט ווערן? וואָס פאַרא אָרדנונג זאָל דעמאָלט געשאַפן ווערן? אָט די פראַגן האָבן געקראָגן פאַרשיידענע ענטפערס פון די פאַרשיידענע טיילן פון דער באַוועגונג.

לאָוועט, שטאַרק באַאיינפלוסט פון אָוען, האָט געגלויבט, אַז סאָציאַליזם קען בלויז איינגעפירט ווערן דורך דער קאָאָפּעראַציע פון קלאַסן. אָ'ברייען, אַ צווייטער פירער פון לינקן פליגל (1805-64), איז אויך געווען באַאיינפלוסט פון די אוטאָפּיסטן, און ספּעציעל פון אַ בוך וועגן באַבעף'ן, וואָס ער האָט איבערזעצט אין ענגליש. אין דעם טשאַרטיסטן־קאַמף האָט אָ'ברייען געזען

דעם קאַמף אָפּצושאַפן אינגאַנצן דעם קאַפּיטאַליזם. זיינע מיינונגען וועגן דעם קלאַסן־כאַראַקטער פון רעגירונג זיינען זייער אינטערעסאַנט:

„...די רעגירונג ווערט געשאַפן פון די קאַפּיטאַליסטן צו באַשיצן זייערע אַרויסגעפּרעסטע פּראָפיטן, רענט־געלט און אַרויפגעלייגטע לאַסטן אויף דעם אַרבעטנדיקן פאָלק... די רעגירונג איז זייער וועכטער, און די מענטשן, וואָס אַרבעטן זיינען די אונטערדריקטע... אין איינגלאַנד איז די רעגירונג געשאַפן געוואָרן פאַר די אויבערשטע און מיטעלע קלאַסן, ד. ה., פאַר די וואָס לעבן פון רויבעריי און געוואַלט. אַזוי לאַנג ווי די רעגירונג בלייבט אין זייערע הענט... וועלן מיר ניט זיין בכוח דורכצופירן אפילו די קלענסטע פּראַקטישע רעפאָרם“.

דאָך האָט זיך די פאָרשטעלונג פון סאָציאַליזם פאַרמישט בא אָ׳ברייען׳ען מיט די אידייען פון „אַרבעטס־געלט“ און „אויסטויש־באַזאַרן“ אָדער סחורה־הייזער, וואו יעדער אַרבעטער ברענגט דעם פּראָדוקט פון זיין אַרבעט און קריגט פאַר דעם די סחורות, וואָס ער דאַרף. ער האָט ניט פאַרשטאַנען די היסטאָרישע ראָלע פון קאַפּיטאַליזם און פּראָלעטאַריאַט. ניט געקוקט אויף דעם, איז אָבער גענוג צו פאַרגלייכן די מוטיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס פון אָ׳בריען מיט די לאַקרעץ־זיסע און קלאַסן־פרידלעכע רייד, ווי צ. ב. פון אַ רעמזי מאַקדאָנאַלד, צו באַגרייפן דעם טיפן אונטערשייד צווישן די פּראָלעטאַרישע פירער פון טשאַרטיזם און די היינטיקע פירער פון דער לייבאָר פּאַרטיי, וואָס באַשיצן, הינטער אויגן־גלאָצערישע פרומע אָנשטעלן, די אינטערעסן פון דער איינגלישער בורזשואַזיע.

אַ מער קלאָרן באַגריף וועגן דעם צוזאַמענהאַנג צווישן סאָציאַליזם אַלס דער ציל פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג און דעם פּאָליטישן קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט האָט געהאַט דזשאָרדזש דזשוליאַן האַרנעי. פאַר אים איז דאָס וואַל־רעכט געווען בלויז אַ מיטל צום ציל פון קריגן „אַלגעמיינע גלייכהייט אין די לעבנס־באַדינגונגען“. ער האָט אָבער געהאַט בלויז אַ קליינע גרופּע אָנהייגער, און זייער רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק (ניט פּעטי־ציעס, נאָר באַוואָפנטער אויפשטאַנד) איז געווען אַ סך מער פאָרטגעשריטן פון די אַרבעטער־אידייען פון יענער צייט. האַרנעי, שפּעטער אַ פריינט פון מאַרקס און ענגעלס, איז געווען אַ מיטגליד פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער באַליבטסטער און איינפלוסרייכסטער פירער פון די מאַסן איז געווען אָ׳קאָנאָר, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דעם „נאָרדערן סטאַר“, דער טשאַרטיסטישער צענטראַל־אָרגאַן. ער איז ניט געווען קיין סאָציאַליסט. „איך בין ניט קיין סאָציאַליסט און ניט קיין קאָמוניסט“, האָט ער דערקלערט. ער האָט געהאַלטן, אַז קליינע פויערשע באַלעבאַטישקייטן זיינען נוצלעך און נויטיק. בלויז ווען ער זאָל אויך זיין אַ קליין־באַזיצער, קען דער אַרבעטער האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרווענדן „זיין אַרבעט און זיין קאַפּיטאַל מיטן גרעסטן פאַרטייל און פאַר זיין אייגענעם נוצן“. אָ׳קאָנאָר׳ס אידעאַל איז געווען צוויי אַקער לאַנד פאַר יעדערן מיט אַ קליין הויז און דער נויטיקער אויסשטאַטונג.

נאָכן דורכפאַל פון דעם הייליקן חודש, ווען דער טשאַרטיזם איז שוין

געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, האָט אָ'קאָנאָר אַרויסגערוקט זיין פּלאַן פון צעטיילן דעם באָדן צווישן די אַרבעטער דורך גרינדן קאָאָפּעראַטיווע לאַנדווירטשאַפט־לעכע קאָלאָניעס. דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן פון דעם טשאַרטיסטן־קאָנגרעס און האָט פאַר אַ צייט אפילו דעם טשאַרטער אַליין פאַרשטופּט אין הינטערגרונט. אַרום 75,000 מענטשן האָבן איינגעקויפט די אַקציעס פון די קאָאָפּעראַטיוון. די לאָזונג „צוריק צום באָדן" איז געוואָרן זייער פּאָפּולער. ער האָט צוגעצויגן די הויז־אַרבעטער, האַנטווערקער און אַרבעטער, וואָס זיינען ניט לאַנג צוריק אָפּגעריסן געוואָרן פון באָדן און נאָך אַלץ געטרוימט וועגן אומקער צו די פאַרגאַנגענע צייטן. אָבער עס מוז געזאָגט ווערן, אַז אָ'קאָנאָר'ס רעאַקציאָנערע און קליין־בירגערלעכע אוטאָפּיע האָט אויך געפונען אַ סך אָנהיינגער צווישן די פאַבריק־אַרבעטער. מען קען דאָס דערקלערן דערמיט, וואָס געוויסע טיילן פון דעם פאַבריק־פּראָלעטאַריאַט, וועלכע דער קאַפּיטאַליזם האָט נאָך אינגאַנצן ניט איבערגעפורעמט (קיין סך אַזעלכע זיינען ניט געווען אין דעם אינדוסטריעלן צפון), האָבן געטיילט די אילוזיעס וועגן אומקערן זיך צום באָדן. אַ חוץ דעם האָבן די הויך־קוואַליפי־צירטע אַרבעטער, די אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע פון יענער צייט, געגלויבט, אַז אָ'קאָנאָר'ס ערד־רעפאָרם וועט מיינען העכערע שכירות פאַר יענע, וואָס וועלן פאַרבלייבן אַרבעטן אין די פאַבריקן. אין 1848 איז פינאַנציעל צוזאַ־מענגעבראָכן אָ'קאָנאָר'ס לאַנד־אָרגאַניזאַציע. דערביי איז פאַרלאָרן געגאַנגען אויך זיין גאַנצער פּריוואַטער פאַרמעגן.

אין 1850 האָט מאַרקס געשריבן וועגן אָ'קאָנאָרן:

„ער איז געווען פון דער נאַטור קאָנסערוואַטיוו און האָט געטראָגן אַ העכסט־אַנטשלאָסענע שנאה צום אינדוסטריעלן פאָרטשריט און דער רעוואָ־לוציע. אַלע זיינע אידעאַלן זיינען גרינדלעך פּאַטריאַרכאַליש און קליין־בירגערלעך".

## דער דריטער פּעריאָד פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג

דער קאָמערציעלער קריזיס און די פּאַרלאַמענטאַריסטישע וואַלן פון 1847, דער הונגער איז אירלאַנד, און, איבער אַלץ, די רעוואָלוציע פון פעברואַר 1848 אין פראַנקרייך, האָבן געגעבן אַ נייעם שטויס פאָראויס דער טשאַר־טיסטישער באַוועגונג. די אַרבעטלאָזע אין איינגלאַנד זיינען געוואָרן אומ־רואיקער, זייער לאָזונג „ברויט אָדער רעוואָלוציע" איז געווען דער לאָזונג פון אַלץ גרעסערע מאַסן, וואָס זיינען געוואָרן אַלץ קריגערישער. אַ סך באַ־גריסונג־רעזאָלוציעס זיינען געשיקט געוואָרן צו די פראַנצויזישע רעוואָלו־ציאָנערן.

אויף אָ'קאָנאָר'ס אָנווייזונג האָט אַ טשאַרטיסטישע קאָנווענשאָן באַ־שלאָסן דעם דריטן אַפּריל, 1848, איבערצוגעבן אַ נייע פּעטיציע צום פּאַר־לאַמענט, ענלעך צו דער פון 1842. עס איז געזאַמלט געוואָרן אַ מיליאָן מיט 975 טויזנט אונטערשריפטן, כאָטש די טשאַרטיסטן האָבן צוערשט אָנגעגעבן

די צאָל אונטערשריפטן אַלס פינף מיט אַ האַלב מיליאָן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין פאַל פון זיין צוריקווייזונג זאָל פאַררופן ווערן אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס זאָל האָבן אירע זיצונגען ביז דער טשאַרטער וועט ווערן דאָס געזעץ פון לאַנד. אַ גיגאַנטישער מיטינג איז אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דעם 10טן אַפּריל אויף קעניגנטאָן גרין צו מאַרשירן פון דאָרטן צום פּאַרלאַמענט אין אַ דעמאָנסטראַציע פאַר דער פּעטיציע.

די רעגירונג האָט שטאַרק איבערטריבן די וויכטיקייט פון דעם מיטינג. 170,000 ספּעציעלע פּאָליסלייט זיינען איינגעשוואוירן געוואָרן פאר דעם טאָג און זיינען באַוואָפנט געוואָרן מיט דובינקעס. עס זיינען באַוואָפנט געוואָרן 2,000 רעגירונגס־באַאַמטע און ארום 700,000 סאָלדאַטן און מאַטראָזן זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין לאָנדאָן. אַרטילעריע־אָפּטיילונגען זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין פאַרשיידענע פונקטן פון שטאָט און אַ צאָל שיפן זיינען געהאַלטן געוואָרן גרייט צו ברענגען נייעם מיליטער. קלויסטערס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַראַקן און אַלע מיטינגען אונטערן פרייען הימל, פאַר וועלכן צוועק עס זאָל ניט זיין, זיינען פאַרבאָטן געוואָרן. די שעפער און קלענערע פאַבריקן פון לאָנדאָן זיינען צוגעשלאָסן געוואָרן דעם 10טן אַפּריל און די גאַסן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט באַוואָפנטע מענטשן. אָט די אַלע צוגרייטונגען זיינען געמאַכט געוואָרן אויפ'ן באַפעל און אונטער דער אָנפירונג פון דעם 79 יאָריקן אַלטן „אייזערנעם“ הערצאָג וועלינגטאָן. 10 אַזייגער אינדערפרי האָבן זיך די דעלעגאַטן צו דער טשאַרטיסטישער קאָנווענשאָן באַגעגנט אין קעניגנטאָן גרין, וואו די ארבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט. בראש פון דער פּראָצעסיע האָט געזאָלט פאָרן אַ קאַרעטע מיט פיר פערד, דעקאָרירט מיט פאָנען, וואָס האָט געדאַרפט פירן די פּעטיציע צום פּאַרלאַמענט.

דאָך איז די דעמאָנסטראַציע געווען אַ דורכפאַל. ניט מער פון דרייסיק ביז פערציק טויזנט מענטשן זיינען געקומען. די טשאַרטיסטישע פירער האָבן דעריבער אַליין צוריקגערופן די פאַרבאָטענע דעמאָנסטראַציע צום פּאַרלאַמענט. אָ'קאָנאָר האָט גערופן די ארבעטער זיך רואיק פאַנאַנדערגיין און צו געווינען זייער זיג דורך איבערגעלייגטקייט און פאָרזיכטיקייט. דער פּאַרלאַמענט האָט צום דריטן מאָל אַנטשידן צוריקגעוויזן די פּעטיציע. דעם 12טן אַפּריל איז אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ פאַר דער פאַרזיכערונג פון דעם טראָן און דער רעגירונג, וואָס באַשטראָפט מיט תפיסה פאַר אויפהעצערישע רעדעס. דעם 13טן מאי האָט די רעגירונג אויפגעלייזט די קאָנווענשאָן, וואָס האָט זינט דעם ערשטן מאַי זיך אָנגערופן נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. פון מאי ביז אָקטאָבער האָט זיך פאַרפלייצט איבער גאַנץ איינגלאַנד דער טעראָר פון דער קלאַסן־גערעכטיקייט. נייַנציק פּראָמינענטע טשאַרטיסטן זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה, אָ'קאָנאָר'ס קאָאָפּעראַטיווער לאַנד־פּלאַן האָט געפּלאַצט, בשעת אין פּאריז, בערלין און ווין האָט געזיגט די רעאַקציע. דער דורכפאַל פון 10טן אַפּריל האָט אָן ספק דערלאַנגט אַ שווערן קלאַפּ דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אויפן קאָנטינענט. וועלינגטאָנס האַנדלונגען אין

לאָנדאָן האָבן געהאָלפן קאָוואַינאַקן צו צעשמעטערן דעם יוני־אויפשטאַנד פון דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט.

דער טשאַרטיזם האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון דעם קלאַפּ, כאָטש א צאָל פּאַרזוכן זיינען געמאַכט געוואָרן אים צוריק אויפלעבן. נאָכדעם ווי דער „נאָרדערן סטאַר“ האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, האָט ערנסט דזשאָונס געגרינדעט די „פּאָלקס־צייטונג“ (1852-4). אָ׳קאָנאָר איז געשטאָרבן אין 1855, ראָבערט אָוען אין 1858. די לעצטע ווירקזאַמע טשאַרטיסטישע אָר־גאַניזאַציעס זיינען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן אין 1854.

## IV.

# די היסטאָרישע ראָלע פון טשאַרטיזם און די אורזאַכן פון זיין דורכפאַל

מיר האָבן געזען, ווי אייננג עס זיינען צוזאַמענגעפאַלן אין דער טשאַר־טיסטישער באַוועגונג די פּעריאָדן פון פאָרטשריט און ירידה מיט די פּעריאָדן פון אינדוסטריעלן קריזיס און אינדוסטריעלן וואוילשטאַנד (פּראָספּעריטי). נאָכ׳ן קריזיס פון 1847, וואָס האָט פאַנאַנדערגעלאָזן די לעצטע פלאַמען פון טשאַרטיזם, איז איינגלאַנד אריינגעטראָטן אין אַ פערטל יאָרהונדערט פון אינדוסטריעלן אויפשוואונג. די 1848 רעוואָלוציע אין פראַנקרייך און דייטש־לאַנד האָבן פאַרקריפּלט די אינדוסטריען פון יענע לענדער און געהאָלפן די איינגלישע קאַפּיטאַליסטן ארויסשטופּן זייערע קאָנקורענטן פון די אַזיאַטישע און אַמעריקאַנישע מערק. דער זיג פון פרייען האַנדעל (מיט דער צוריקרופונג פון די קאָרן־געזעצן אין 1846) האָט באַצייכנט דעם טריאומף פון דער אינ־דוסטריעלער בורזשואַזיע. צוליב דער העכערער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון איינגלאַנד איז דער פרייער האַנדל געווען פאַר זיי פון גרעסערן פאָרטייל, ווייל ער האָט פאַרזיכערט די איינגלישע אונטערנעמער אַן איבערגעוויכט אין זייער קאָנקורענץ־קאַמף פאַר אויסלענדישע מערק. דער פרייער האנדל האָט זיי גאַראַנטירט ביליקע רויע מאַטעריאַלן און שפּייז.

אין משך פון דעם פּעריאָד פון אינדוסטריעלן וואוילשטאַנד, ווען די שכירות האָבן געהאַלטן אין וואַקסן, איז דער איינגלישער פּראָלעטאַריאַט געוואָרן אַלץ מער און מער „בורזשואַז“. שרייבנדיק צו מאַרקס׳ן דעם 7טן אָקטאָבער, 1858, האָט ענגעלס געזאָגט:

„דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַלץ מער און מער אַזוי בור־זשואַז, אַז עס קוקט אויס ווי אָט־דאָס סאַמע בורזשואַסטע לאַנד וויל פאַר־מאָגן אַ בורזשואַזע אַריסטאָקראַטיע און אַ בורזשואַזן פּראָלעטאַריאַט אַלס צוגאָב צו דער בורזשואַזיע גופא. אין אַ לאַנד, וואָס עקספּלואַטירט די גאַנצע וועלט איז עס ביז אַ געווויסן גראַד באַרעכטיקט.

„אין משך פון דעם פּעריאָד פון איינגלאַנד׳ס אינדוסטריעלן מאָנאָפּאָל האָט דער איינגלישער ארבעטער־קלאַס געוויסערמאַסן אויך גענאָסן פון די

געווינסן פון דעם מאַנאָפּאָל... און דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס עס איז ניט געוועזן קיין סאָציאַליזם אין ענגלאַנד. זינט דעם אָפּשאַפן פון אָועניזם". (ענגעלס, „די לאַגע פון דעם ארבעטער קלאַס", פאָררעדע צו דער אויסגאַבע פון 1892.)

די ענגלישע בורזשואַזיע, וואָס האָט געשניטן די פרוכט פון אינדוסט־ריעלן אויפשוואונג און פון איר דאָמינירנדיקער פּאָזיציע אויף דעם וועלט־מאַרק, האָט זיך געקענט פאַרגינען צוּוואַרפן גרעסערע ברעקלעך די ארבעטער און דערמיט זיי צו צוימען. פון דער צווייטער זייט האָט די עמיגראַציע (צווישן 1848 און 1854 האָבן אַרויסגעוואַנדערט פון ענגלאַנד צוויי מיט אַ האַלב מיליאָן מענטשן), וואָס האָט זיך באַדייטנד פאַרגרעסערט נאָך דער אַנטדעקונג פון גאָלד אין אויסטראַליע, אַוועקגענומען די סאַמע ענערגישע עלעמענטן פון דער ארבעטער־באַוועגונג און גלייכצייטיק געהאָלפן הויבן די שכירות פון די ארבעטער, וועלכע זיינען פאַרבליבן אין לאַנד.

דער באַגרענעצטער „קרעפט" טרייד יוניאָניזם, וואָס איז געוועזן ניט פריינטלעך צום פּאָליטישן קאַמף און געפּרעדיקט האַרמאָניע פון אינטערעסן צווישן די באַלעבאַטים און די ארבעטער, האָט ווידער אויפגעלעבט. די אַר־בעטער־באַוועגונג האָט אויף לאַנגע יאָרן פאַרלאָרן איר רעוואָלוציאָנערן כאַ־ראַקטער. דאָס געזעץ פון דעם צען שעהדיקן ארבעטס־טאָג, וואָס איז דורכ־געפירט געוואָרן אין 1847 מיט דער הילף פון די קאָנסערוואַטיוון „זיך דער־מיט אָפּצורעכענען מיט דער בורזשואַזיע", האָט אויך געווירקט אין דער זעלבער ריכטונג.

אַ צאָל קאָנסערוואַטיוון, ווי די רעווערענדס דזש. ר. סטעפענס און אָאָסטלער, זיינען געווען אין די רייען פון דער טשאַרטיסטן־באַוועגונג און אפילו אין איר לינקן פליגל. זיי האָבן פאַרטראָטן די אידייען פון די אַלט־פרענקישע לאַנד־באַזיצער, וואָס זיינען געטריבן געוואָרן אין די אָרעמס פון די טשאַרטיסטן אין פּראָטעסט קעגן קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרניכטעט די „פריילעכע ענגלאַנד". אָאָסטלער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פאַר־טרעטער פון דער גרופּע. „איך בין אַ טרייער אונטערטאַן פון דער קעניג;" האָט ער געזאָגט. „איך בין אַ פריינט פון דער אַריסטאָקראַטיע. איך ער און רעספּעקטיר די נאַציאָנאַלע קירך. אָבער ווען די אינסטיטוציעס הערן אויף צו זיין באַשיצער פון דעם פאָלק בין איך גרייט אויסצושרייען מיט זייערע ערגסטע שונאים: נידער מיט זיי, נידער! זאָל פון זיי ניט בלייבן קיין געדעכעניש!"

די טשאַרטיסטן האָבן פולשטענדיק איגנאָרירט די סאַמע וויכטיקסטע פאָדערונג פון דעם ארבעטער־קלאַס, די פאָדערונג פאַר דעם 10 שעהדיקן ארבעטס־טאָג, כאָטש די פאַרווירקלעכונג פון דער פאָדערונג האָט אין אַ גע־וויסן זין געראַטעוועט די בורזשואַזיע פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט גע־דראָט אויסצוברעכן אין 1848.

ביים אונטערזוכן די אורזאַכן פון דעם צוזאַמענברוך פון טשאַרטיזם, טאָרן מיר ניט פאַרגעסן דעם אינערלעכן כאַראַקטער פון דער באַוועגונג גופא

— די פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט, די מיי־נונגס־פאַרשיידנקייטן צווישן זיי, איר אָרגאַניזאַציאָנעלע שוואַכקייט (כאָטש די מיטינגען פלעגן באַזוכט ווערן פון הונדערטער טויזנטער, זיינען זיי ניט געווען אָרגאַניזירט). אויסערדעם איז ניט געווען קיין געהעריקער קאָנטאַקט צווישן די טשאַרטיסטן און די טרייד יוניאָנס, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט זעלבסטשטענדיק און אָפט אַפילו באַקעמפט די טשאַרטיסטישע באַוועגונג.

מיר האָבן געזען, אַז דער טשאַרטיזם האָט ניט געהאַט קיין קלאָרע סאָ־ציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָגראַם. דער סאָציאַליזם איז געווען ביי די טשאַר־טיסטן, ווי ענגעלס האָט אָנגעוויזן, בלויז אין אַן עמבריאָנישן צושטאַנד. ערשט צו דער צייט פון זיין ענדגילטיקן צוזאַמענברוך האָט דער טשאַרטיזם זיך דערנענטערט צום סאָציאַליזם דורך אַזעלכע פירער, ווי ערנסט דזשאָונס און האַרני. אַ לאָנדאָנער טשאַרטיסטישע קאָנפערענץ אין 1851 האָט דער־קלערט, אַז אַן ענדערונג אין די פּאָליטישע באַדינגונגען וועט קיינמאָל ניט פּראָדוצירן דעם געווינטשטן רעזולטאַט, סיידן ער וועט באַגלייט ווערן פון אַ סאָציאַלער ענדערונג. האַרני האָט אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון דער „דעמאָקראַטישער און סאָציאַלער רעפּובליק". דזשאָונס און האַרני פאַר־טרעטן די איבערגאַנג־שטופע פון טשאַרטיזם צום וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. אין די פּופציקער יאָרן האָט האַרני אָפּגעדרוקט די ערשטע ענגלישע איבער־זעצונג פון דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". אָט די צוויי זיינען געשטאַנען אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט די גרינדער פון דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַ־ליזם. אָבער די טשאַרטיסטישע באַוועגונג אַלס אַ גאַנצע האָט ניט געהאַט קיין קלאָרע סאָציאַליסטישע פּראָגראַם באַזירט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַ־ליז. דער פּראָלעטאַריאַט פון דער ערשטער העלפט פון דעם 19טן יאָרהונ־דערט איז נאָך ניט געווען רייף פאַר אַזאַ פּראָגראַם. ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען איז זיכער גרויס די היסטאָרישע וויכטיקייט פון טשאַרטיזם. דאָס איז געווען די ערשטע ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ק ע רעוואָלוציאָנערע באַ־וועגונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס ק ל א ס.

„אָבער אין טשאַרטיזם איז עס דער גאַנצער אַרבעטער־קלאַס, וואָס שטייט אויף קעגן דער בורזשאַזיע און אַטאַקירט קודם כל די פּאָליטישע מאַכט, די פעסטונג פון געזעצן, מיט וועלכער די בורזשואַזיע האָט זיך אַרומ־גערינגלט... פון דעם מאָמענט אָן איז דער טשאַרטיזם געווען אַ ריינע אַר־בעטער־זאַך, פריי פון אַלע בורזשואַזע עלעמענטן". (ענגעלס, „די לאַגע פון דעם אַרבעטער־קלאַס", ז. ז. 228 און 234.)

די טשאַרטיסטן זיינען געווען די ערשטע צו ווייזן די אַרבעטער פון דער וועלט „ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט", ווי אַזוי דער פּראָלעטאַריאַט פירט דעם קאַמף פאַר זיינע זעלבסטשטענדיקע צילן. די טשאַרטיסטישע באַוועגונג לייקנט אָפּ אַמקלאָרסטן די רעפאָרמיסטישע לעגענדע, וואָס איז נאָך היינט ברייט פאַרשפּרייט, אַז אין ענגלאַנד ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן אַנט־וויקלט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג אויף פרידלעכע און ריין עקאָנאָמישע ליניעס ווייט אָפּגעטיילט פון פּאָליטישן קאַמף. דער טשאַרטיזם איז געווען

אָן אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע, רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון דעם איינג־לישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַזיגט געוואָרן דורך דער שטייגנדיקער מאַכט פון איינגלישן קאַפּיטאַליזם. אָבער דער אויפשוואונג פון איינגלישן קאַפּיטאַליזם איז ניט געווען אויף אייביק. איינגלאַנדס אינדוסטריעלער מאָנאָפּאָל איז צוזאַמענגעבראָכן און די קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם אין איינג־לאַנד, ווי אין דער גאַנצער וועלט, האָט אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ. אין 1926 איז איינגלאַנד אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם גענעראַל סטרייק. ער איז פאַרראַטן געוואָרן דורך די פירער פון די טרייד יוניאָנס און דער לייבאָר פּאַרטיי. אָבער ער האָט באַוויזן, אַז אין איינגלאַנד היינט־צו־טאָג איז דער באַזיס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן אומ־פאַרגלייכבאַר ברייטער ווי צו דער צייט פון רעוואָלוציאָנערן טשאַרטיזם. מיר געפינען זיך היינט צו טאָג אין דעם פּעריאָד, ווען די גאַנצע קאַפּיטאַ־ליסטישע סיסטעם ברעכט צוזאַמען. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון גרויס־בריטאַניע (איינגלאַנד) האָט אָנגענומען די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון טשאַרטיזם.

אויף די דערפאַרונגען פון טשאַרטיזם, די ערשטע זעלבסטשטענדיקע פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, האָבן מאַרקס און ענגעלס אויפגעבויט זייער טעאָריע פון דעם קלאַסן־קאַמף. פון דעם טשאַרטיסטישן ביישפּיל האָט דער אַרבעטער־קלאַס זיך אויסגעלערנט די וויכטיקייט פון פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט אַלס דעם וועג צו איינפירן „סאָציאַלן וואוילזיין", דאָס הייסט, די אומגעשטאַלטונג פון דער געזעלשאַפט אויף נייע יסודות. פון דעם טשאַרטיס־טישן ביישפּיל האָט דער פּראָלעטאַריאַט געלערנט די וויכטיקייט פון אָרגאַ־ניזירן די מאַסן־אַקציעס פון דעם אַרבעטער־קלאַס. די טשאַרטיסטן האָבן פאַרנאַכלעסיקט צו אָרגאַניזירן די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פון די מאַסן. אָ'קאָנאָר האָט געזאָגט: „פיר מיליאָן מענטשן שטייען מיט אונדז. דאָס איז די גאַראַנטיע פאַר אונדזער זיג". אָבער וואו איז געווען די אָרגאַניזירטע פאַרוואָרצלטקייט אין די מאַסן? פון דער דערפאַרונג פון טשאַרטיזם האָט דער פּראָלעטאַריאַט געלערנט צו אָנערקענען די וויכטיקייט פון די באַלדיקע, טאָג־טעגלעכע פאָדערונגען, האָט געלערנט זיך צו באַפרייען פון אוטאָפּיסטי־שע טעאָריעס, ווי אָ'קאָנאָר'ס לאַנד־רעפאָרם, און באַגריפן די וויכטיקייט פון אַ זעלבסטשטענדיקער קלאַסן־פּאַרטיי פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

סוף כל סוף זיינען עס געווען די טשאַרטיסטן, וואָס האָבן געלייגט דעם אידעאָלאָגישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן גרונט־שטיין פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט: זיי זיינען אַרויסגעטראָטן פאַר אירלאַנד און קאַנאַדע, זיי האָבן זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע צום קאַמף פון פּוילישן פאָלק קעגן צאַריזם, אַ צאָל פון די טשאַרטיסטישע פירער, ווי האַרנעי און דזשאָנס, זיינען געווען מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַ־ציע, די „דעמאָקראַטישע ברודערשאַפט", און פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָ־נאַל, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל די פּראָפּאַגאַנדע פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון דער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע.

ניט געקוקט אויף דער אומרייפקייט פון דער טשארטיסטישער פראגראם האבן די גרינדער פון וויסנשאפטלעכן סאציאליזם געזען אין די טשארטיסטן די אמתע פארטרעטער פון דעם פראלעטאריאט. צו פארשמעלצן דעם סאציאליזם אלס א וויסנשאפטלעכע טעאריע מיטן טשארטיזם אלס די מאסן־באוועגונג פון דעם פראלעטאריאט איז פאר זיי געווען די סאמע וויכטיקסטע פון אלע אויפגאבן.

## V.

## עקזאמען־פראגן

1. וואס זיינען געווען די קוואלן פון אורשפרינגלעכער אנזאמלונג אין איינגלאנד אין קאנטראסט צו די קוואלן פון סאציאליסטישער אנזאמלונג אין דעם סאוועטן־פארבאנד?
2. וואס זיינען געווען די רעזולטאטן פון דער אינדוסטריעלער רעוואלוציע אין איינגלאנד?
3. פארוואס איז די אינדוסטריעלע רעוואלוציע פארגעקומען אין איינלאנד פריער, ווי אין אלע אנדערע לענדער?
4. וואס זיינען געווען די הויפט־טענדענצן אין דער טשארטיסטישער באוועגונג?
5. פארוואס האט די טשארטיסטישע באוועגונג צוזאמענגעבראכן?
6. וואס פארא נייע מאמענטן האט די טעאריע און פראקטיק פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער־באוועגונג צו פארדאנקען דעם טשארטיזם?
7. פארגלייכט דעם טשארטיזם מיט דער איינגלישער ארבעטער־באוועגונג צו דער צייט פון דעם גענעראל סטרייק.

אביסל ביבליאגראפיע:

דער בעסטער אריינפיר צו דער געשיכטע פון טשארטיזם געפינט זיך אין ענגעלס'עס בוך „די לאגע פון דעם ארבעטער־קלאס אין איינגלאנד אין 1844". (איינגליש). דער טשארטיזם אליין ווערט קורץ באהאנדלט אין קאפיטל 8 „ארבעטער־באוועגונג", נאר דאס בוך אינגאנצן גענומען שילדערט מיט אלע איינצלהייטן, אויפן גרונד פון ענגלס'עס אייגענע באאבאכטונגען און די געדרוקטע קוואלן, די לאגע פון די איינגלישע ארבעטער אין יענער צייט. אין זיין הקדמה שילדערט ער אויסער דעם די אינדוסטריעלע רעוואלוציע און זיינע רעזולטאטן.

די אינדוסטריעלע רעוואלוציע און די לאגע פון די פאבריק־ארבעטער אין דער ערשטער העלפט פון דעם 19טן יארהונדערט ווערן אויך באהאנדלט פון מארקס'ן אין זיין ערשטן באנד „קאפיטאל" אין די קאפיטלען וועגן „איינגלישע פאבריק־געזעצגעבונג פון 1833 ביז 1864", (ז. 283), און „אורשפרינגלעכע אנזאמלונג" (ז. 790, פון דער איינגלישער אויסגאבע).

א שילדערונג פון דעם גאנג פון די פאסירונגען אין דער געשיכטע פון טשארטיזם און אן אנאליז פון די אידייען און קאמפן פון דער באוועגונג ווערט

געגעבן אין ט. ראָטשטיינ׳ס זייער לעזבאַרן בוך „פון טשאַרטיזם ביז ליבאָ־ריזם“ (איינגליש) (זעט די רעצענזיע אין „לייבאָר מאָנטלי“, פעב. 1930).

די סאַמע פולשטענדיקסטע אָפּשאַצונג פון דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג, פון איר סאַמע אָנהייב ביזן סוף, געפינט זיך אין דער דייטשער מאָנאָגראַפיע פון הערמאַן שלוטער „די טשאַרטיסטן־באַוועגונג, אַ בייטראַג צו דער סאָציאַל־פּאָליטישער געשיכטע פון איינגלאַנד“. די גרונט־אידייען פון דעם ווערק געפינען זיך שוין אין אַ פּאָמפלעט, וואָס איז פון שלוטערן אַרויסגעגעבן געוואָרן אַנאָנים אין מיטאַרבעטערשאַפט מיט ענגעלס׳ן: „די טשאַרטיסטן־באַוועגונג אין איינגלאַנד“.

די געשיכטע פון די איינגלישע טרייד יוניאָנס ווערט זייער גרינטלעך באַהאַנדלט, נאָר פון אַ פאַביאַנישן שטאַנדפונקט, און דעריבער מיט פעלערן און מיט אַ קלאַסן־מיטאַרבעטערשאַפט באַלויכטונג, און די „געשיכטע פון איינגלישן טרייד יוניאָניזם“, פון סידני און ביטריס וועב. (איינגליש). דער אָפּשטאַם פון טרייד יוניאָניזם ווערט אויך באַהאַנדלט אין „אַ נייער קוק אויף דער געזעלשאַפט“, פון ראָבערט אָוען (איינגליש).

וועגן אָוען, דאַרף מען לייענען זיין אייגענעם בוך „לייף“, ווי אויך ג. ד. ה. קאָול׳ס „דער לעבן פון ראָבערט אָוען“ (איינגליש).

אינטערעסאַנטע שטעלן קען מען אויך געפינען אין „אַ געשיכטע פון איינגלישן סאָציאַליזם“, פון מאַקס בער (איינגליש).

אַ פאַרגלייך צווישן דער אורשפּרינגלעכער אָנזאמלונג און דער סאָוועטישער ווירטשאַפט ווערט געמאַכט פון סטאַלינען אין בוך „פּראָבלעמען פון לענינים“.

ר. וו. פּאָסטגייט׳ס „רעוואָלוציע“: 1789 ביז 1906 אַנטהאַלט אָפּדרוקן פון אַ צאָל ווערפולע דאָקומענטן.

דזש. ט. און באַרבאַרא האַמאָנד אין „איינגלאַנד אין דער צייט פון די טשאַרטיסטן“ ברייגען אַ צאָל פאַקטן וועגן די סאָציאַלע באַדינגונגען פון דעם פעריאָד. דאָס בוך איז ניט אַזוי גוט ווי זייער „דאָרף־אַרבעטער, שטאָט־אַרבעטער און קוואַליפיצירטע אַרבעטער“ (איינגליש). אַלע זיינע ביכער פאַרמאָגן אַ געוויסן אַנשוילעכן מאַטעריאַל, נאָר זיינען דורכגעזאַפּט מיט דער סענטימענטאַלער ליבעראַלער אַנשויאונג פון די אויטאָרם.

„די עקאָנאָמישע געשיכטע פון איינגלאַנד“, פון שאַרלאַט מ. וואָטערס איז נוצלעך אין אָנצייכענען די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דעם פעריאָד. אַ מער קאָמפּליצירט בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון דעם סאַמע קאָנסערוואַטיוון שטאַנדפונקט, וועלכער פאַרמאָגט אָבער אַ סך פאַקטן וועגן קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, איז דזש. ה. קלאַפּהעמ׳ס „עקאָנאָמישע געשיכטע פון מאָדערנעם איינגלאַנד — די ערשטע אייזנבאַן־ערא“ (איינגליש).

עקאָנאָמישע און סאָציאַלע געשיכטע פון איינגלאַנד (1760—1850), פון י. ליבערבערג (אידיש).

געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע. צווייטער טייל (1815—1848), פון פרידלאַנד און סלוצקי (אידיש).

## די מלחמה־געפאַר

פון אַלעקסאַנדער ביטעלמאַן. פּרייז 20 סענט. פאַר ברענטשעס פון א. אַ. אָ. 15 סענט.

## קאַפּיטאַליזם — סאָציאַליזם קאָמוניזם

אַ קורס פון 15 לעקציעס. פּרייז 50 ס., פאַר סטודענטן פון אַרב. אוניווערזיטעט און מיטגלידער פון א. אַ. אָ. 25 סענט.

## דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

זיינע צילן און אויפגאַבן. אידיש. איינגליש און אנדערע שפּראַכן.

## דער אַרבעטער רינג העלפט אָרגאַניזירן מלחמה געגן סאָוועטן־פאַרבאַנד

(די ראָל פון אַבראַמאָוויטשן און דעם אַרבעטער רינג און די אינטערווענציע ־ פאַרשווערונגען געגן פּראָלעטאַרישן פאָטערלאַנד).

## פּאַלעסטינע, די אַראַבער, דער ציוניזם

פון פּ. נאָוויק. פּרייז 50 ס. פאַר אונדזערע ברענטשעס 30 סענט.

## פאַרוואָס איר דאַרפט שיקן אייערע קינדער אין שולן ביים א. אַ. אָ.

8 זייטן. פּרייז 8 סענט.

## מאַרקסיסטישע שטודיר קורסן

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

די אינדוסטריעלע רעוואָלוציע אין איינגלאַנד און דער טשאַרטיזם.

פּרייז 15 סענט א לעקציע. פאַר מיטגלידער פון אָרדן 10סענט. 48 זייטן יעדע.

# שיינע ליטעראַטור:

## מיט געזאַנג צום קאַמף

(לידער מיט נאָטן). צוזאַמענגעשטעלט און באַאַרבעט פון יעקב שייפער. פּרייז 1 דאָלער, פאַר מיטגלידער פון א. אַ. אָ. און פּ. ג. פ. 60 סענט.

# אין פאַרלאַג א. אַ. אָ. געפינען זיך צום פאַרקויף:

## קינדער מייסעלעך

כאַווער לעניין האָט געזאָגט. דער פאַבריק קוימען סטרייקט. דער ערשטער גענעראַל. בירא־בידזשאַן. מאַטעלע פון דאָרף איקאָר. די מלחמה אין ניו יאָרק — פון שלמה דאַווידמאַן. זומער אין קינדערלאַנד. מיר פאָרן אין אַרטעף טעאַטער — פון א. לייב.

## ק י נ ד ע ר

פאַרן 2טן לערניאָר צוזאַמענגעשטעלט פון דבורה טאַראַנט און ב. פרידמאַן. 174 זייטן געבונדן. פּרייז 1 דאָלער. פאַר אונדזערע שולן 65 סענט.

## פון יענער זייט טייך

(אַ מייסע) פון כאַווער פאַווער. פּרייז 75 סענט. פאַר שולן 40 ס.

## „נ י ו י אָ ר ק"

אַרבעט־פּראָיעקט, ארויסגעגעבן פון מיטלשול גראַדואיר קלאַס פון 1930. פּרייז 1 דאָלער, פאַר שולן 50 סענט.

## „קינדערלאַנד"

(זשורנאַל). אַלטע נומערן 10 ס. אַ נומער, פאַר שולן 5 סענט.

**INTERNATIONAL WORKERS ORDER, Inc.**

**80 FIFTH AVENUE NEW YORK, N. Y.**

Myold Printing Co., Inc., 44 161 Grand St., New York

## פ אַ ר ל אַ ג :

# אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן



## שול ביכער :

### ק י נ ד ע ר

פאַרן ערשטן לערניאָר, צוזאַמענגע־
שטעלט פון ד. טאַראנט און ב.
פרידמאַן. (160 זייטן, געבונדן).
פרייז 75 סענט, פאר שולן 45 ס.

---

### ש ט אָ ט

פאַרן 3טן לערניאָר (48 זייטן).
פרייז 25 סענט, פאר שולן 15 ס.

---

### אונדזער שול

פאַרן דריטן און פערטן לערניאָר,
פרייז 40 סענט, פאר אונדזערע
שולן 20 סענט.

---

### אַ מ ע ר יק ע

פאַרן 4טן לערניאָר (64 זייטן).
פרייז 40 סענט. פאר אונדזערע
שולן 20 סענט.

---

### ערשטער מאַי

פאַרן דריטן און פערטן לערניאָר,
פרייז 10 סענט, פאר אונדזערע
שולן 5 סענט.

---

### צום נייעם לעבן

פאַרן דריטן לערניאָר (96 זייטן).
פרייז 45 סענט, פאר אונדזערע
שולן 20 סענט.

---

### 7טער נאָוועמבער

פאַרן דריטן לערניאָר (96 זייטן).
פרייז 40 סענט, פאר אונדזערע
שולן 20 סענט

### אַרבעט און קאַמף

פאַרן דריטן און פערטן לערניאָר.
פרייז 40 סענט, פאר אונדזערע
שולן 20 סענט.

---

## פּאָליטיש־געזעלשאַפט־לעכע ביכער :

### דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן

געשיכטע, אויפגאַבן, צילן. פון
מ. אָלגין. פרייז 30 סענט, פאר
ברענטשעס פון אינט. אַרב. אָרדן
15 סענט.

---

### סאָוועטן־פאַרבאַנד בויט סאָציאַליזם

פון מלך עפשטיין. מיט אילו־
סטראַציעס, (128 זייטן). פרייז
50 סענט. פאר ברענטשעס פון
א. אַ. אָ. 30 סענט

---

### אַ נייע אַרבעטער־פעסטונג

וואָס איז אזוינס דער אינטערנאַ־
ציאָנאַלער אַרב. אָרדן און פארוואָס
אַרבעטער דארפן זיך אין אים
אָנשליסן.

---

### סאָציאַלע פאַרזיכערונג

(אין אַמעריקע, אין אנדערע קאַפּי־
טאַליסטישע לענדער און אין סאָ־
וועטן פאַרבאַנד) פון ש. אַלמאַזאָוו
96 זייטן. פרייז 40 סענט, פאר
ברענטשעס פון א. אַ. אָ. 20 סענט.